# הערשעלע אסטראָפּאָלער

## דער וועלט בעריהמטער וויטצלינג.

### בעשריבען זיינע אַנעקדאָטען, סצענעס און שטוקעס.

### אין דריי טייל

וועך עס וויל גוט לאַכען און זיך פרעליך מאַכען
זאָל טאַקע גלייך לויפען דעם בוך קויפען.

*Printed in U.S.A.*

היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני
77-79 דילענסי סטריט, ניו יאָרק

HEBREW PUBLISHING CO.
77-79 DELANCEY STREET
NEW YORK

1.

## דיא נשמה יתירה.

ביים ר׳ ברוכ׳ל איז הערשעל אמאל געווען אויף שלש סעודות. עטליכע מנינים מענשען זיינען געזעסען אויסגעזעצט ביי לאנגע טישען וועלכע זיינען גע־וועזען געגרייט מיט פיעל מאכלים און משקאות. דער רבי האט אבגעזאגט תורה און דער עולם האט גענומען עסען מיט גרויס אפעטיט. וויא דער שטיינער איז פון חסידים וועי זייא זיטצען ביים רבינ׳ס טיש. אין דעם איז אהין אריינגעקומען חייקעל־חקרן, וועלכען מען האט געהאלטען פאר א שטיקעל אפיקורוס.

— עסט און טרינקט מיינע ליעבע יודעלעך — האט ער זיי א זאג געטהאן אויף חוזק — ווארום ביי דער נשמה יתרה איז היינט א עת רצון.

— פאר וואס זשע זאלסט דוא ניט מיט עסען מיט אונז? האט איהם הערשעל א פרעג געטאהן, דיא האסט דאך אויך אזא נשמה יתרה וויא מיר!

— חלילה! האט חייקעל א חאפ געטאה מיט פייער — איך האב נאר איין נשמה.

— אבער דיא איינע איז דאך אויך א נשמה יתרה ביי דיר! האט איהם הער־שעל גלייך געענטפערט.

דער עולם האט זיך צולאכט און דער חקרן איז פא־שעמט געווארען.

2.

## הערשיל אין מארק.

עס איז ווינטער. דער פראסט ברענט אין א שנעע שיט, וויא קליינע פעדערן, פון דעם גרויען הימעל. דיא קרעמערליך לויפען אום אין דרויסען פאר זייערע קלייטליך און קלאפען א פוס אין א פוס און דיא ווייבער דיא קרעמערקעס און פיינע בריה׳ס זיטצען בייא דיא טהירען פון זייערע קראמען איבער דיא פייערטעפ און עס רינט זייא פון דיא נאז. אין גאס איז פוסט, ניטא קיין קונים. הערשעל וועלכער איז נאר וואס אנטלאפען פון דער שטוב איבער דער ווייבס געשרייא וואס זיא האט איהם געמאהנט ברויט פאר דיא קינדער, לויפט גלייך אין בית המדרש אריין און לויפט אויף פארביי דיא קרעמערקעס. א נייע קרעמערקע וועלכע האט איהם ניט געקאנט, מיינט אז ער איז א קונה און שטעלט איהם א־:

— זייט זשע מוחל, פעטער, וואס קויפט איהר עפעס?

הערשעל שטעלט זיך אב, בעטראַכט דיא קרעמערקע וויא עס רינט איהר פון דער נאז און פרעגט איהר:

— וואס האט איהר דען צו פאר קויפען?

— שטייטש איך האב אַלצדינג, וואס נאר איהר ווילט!

— נאָזטיכליך האט איהר אויך?

— אודאי! ענטפערט דיא קרעמערקע מיט גרויסקייט.

— נעהמט זעה א נאזטיכעל און ווישט אייך אב, זייט מוחל, דיא נאָז.

3.

## ניט געטראכט און גוט געמאכט.

הערשעל איז געגאנגען פארבייא קירזנער וועלכער איז געזעסען אהן דעם היטעל אין קלייט. דער קירזנער רופט איהם אריין און זאגט: נוא, הערשיל, זאגסטו א גלייך ווארט ניט געטראכט, האפסטו שוין אויף א טרונק בראנפען פון מיר.

— אז איך בין געווען א קינד, ענטפערט הערשיל, האב איך קיין מאל ניט פערשטאנען וויא עס איז מעגליך מען זאל שטעהן ביי א וואסער און מען זאל זיך ניט אָנטרינקען. היינט אָבער זעה איך אז עס איז גאר קיין וואונדער ניט: אט זיצט איהר אין א פולע קלייט מיט היטלען און אליין געהט איהר אהן א היטעל.

4.

## הערשיל דרעהט זיך אוים.

הערשיל קומט אריין א מאל אין בית המדרש אין ווענט-קליידער מיט א טארבע אויף דיא פלייצעס און מיט א גרויסען שטעקין אין דער האנד.

— וואס בעדייט עס, ר׳ הערשיל? וואוהין פאהרט איהר עס? פרעגט מען איהם.

— איך פאהר קיין אויסלאנד — ענטפערט ער קורץ.

— אין אויסלאנד גאר? איהר קענט דען דיא אויסלענדישע לשונות?

— נישט קשה, ענטפערט הערשיל, איך וועל זיך איין עצה געבען: א שטייגער אז איך וועל קומען צו קירען, איז ביז איך וועל מיך אויסלערנען זיין לשון וועל איך זיך פארשטעלען פאר א שטימען.

5

## איבער א קדיש.

הערשיל נעהט א מאל אין א ווינטער־אבענד צום טייך זעהט ער ייז איינער וויל זיך דערטרינקען. ער לויפט צו צו איהם און חאפט איהם ביים דער האנד.

— שטעהט, ר׳ יוד וואס ווילט איהר טאהן? פרעגט איהם הערשיל.

— איך וויל זיך אין טייך אריינווארפען.

— אין טייך נאר? פאר וואס איז?

— מיינע צרות זיינען זעהר גרויס: נישט גענוג וואס איך האב א שלאק א ווייב, בין איך נאך אהן קינדער אויך געבליבען, און צו שטארבען אהן א א קדיש איז שוין גלייכער אז איך זאל זיך אין טייך אריינווארפען.

— איהר זענט געבעך אודאי גערעכט זאגט הערשיל מיט א זיפץ—מען קאן גאר אנדערש ניט זאגען. נאר ווען איהר זאלט מיר וועלען פאלגען, וואלט איך אייך געראטען אז איידער איהר ווארפט זיך אין טייך אריין, זאלט איהר זיך פריהער אויסטאהן דיא מלבושים און ווען איך וועל נאר דערזעהן דעם ערשטען פוזיר אויף דעם וואסער, וועלכעס וועט זיין א סימן אז איהר זייט שוין טויט, וועל איך זיך צו־נעהמען דיא קליידער פאר א זכרון און וועל נאך אייך קדיש זאגען.

דעם יודען איז געפעלען דיא עצה. ער האט זיך אויסגעטאהן נאקעט און איז אריינגעשפרונגען אין טייך. הערשיל האט אבער ניט געווארט ווארטען לאנג, ער האט געחאפט דאס פעקעל קליידער און האט עס אריינגעטראגען אין א נאהענטען שיינק און האט עס דארט פארזעצט פאר א גוטען ביסען. דער יוד אבער, אלס ער האט נאר דערפיהלט די קאלטע וואסער אויף דעם נאקעטען לייב, האט שוין חרטה געהאט אויף דער גאנצער מעשה. ער איז געשווינד ארויסגעשפרונגען פון דעם טייך און ניט געפינענדיג מעהר זיינע קליידער האט ער געמאכט א געוואלד. מען איז זיך באלד צונויפגעלאפען אויף זיין געשריי. ער האט איטליכען דערצעהלט זיין גע־שיכטע דער עולם האט איהם באלד אריינגענומען אין דעם נאהענטען שיינק וואו ער האט נאך אליין געמוזט אויסלייזען זיינע אייגענע מלבושים.

---

6.

## הערשיל געווינט.

הערשיל האט זיך פארוועט מיט חברה, אז איהם וועט געראָטען אויסצוריי־סען

פיין קארגען גביר פון זיין שטאט א גאנץ קערביל א נדבה. ער איז אריינגעגאנגען צו איהם אין שטוב און בעט איהם א נדבה. ער נעהמט ארויס א גראשען און גיט איהם.

— גיט זשע מיר שוין אייער בייטעלע אייך, אז איך זאל האבען וואו צו בעהאלטען דעם גראשען.

דער גביר זאגט איהם מסתמא אָב.

— נא, גיט זשע מיר חאטש א שוועבעלע צו פעררויכערין א פאפיראס — בעט איהם הערשיל.

דער גביר גיט איהם א שוועבעלע.

— אז איהר ווילט נאָך זיין אזוי גיט, זאגט הערשיל ווייטער, גיט זשע מיר שוין א פאפיראָס אויך.

דער גביר גיט איהם מיט כעס א וואַרף א פאפיראס גלייך אין שטערין.

— פאר דעם בעליידיגונג — זאגט הערשיל — וואָס איהר האט מיר געוואר־פען דעם פאפיראס אין שטערין אריין, קאן איך אייך ניט מוחל זיין, אדער בעט מיך איבער מיט א קערביל, אדער קומט מיט מיר צום רב.

— צו ביזטו משוגע? שרייט דער גביר — וואס האסטו זיך צו געצער־פעט צו מיר?

— צום רב זאלט איהר געהן מיט מיר! שרייט הערשיל אויפ׳ן קול און אויף דעם געשריי זיינען זיך צונויפגעלאפען פון דער גאס — איהר האט מיך מבייש געשטעלט! איך קען דאס אייך ניט מוחל זיין, ניין, ניין, מיין שטערין וויל דאס אייך ניט מוחל זיין!

דער גביר האט זיך געשעמט פאר די פרעמדע מענשען האט ער גע־מוזט ארויסנעהמען א רובל און געגעבען הערשעלין.

---

7.

## וויא אזוי הערשעל מאכט התונה א ארעמע בתולה.

אום עשרה בטבת האט זיך א מאל פערגלוסט הערשעלין ניט צו פאסטין. ער איז אריינגעגאנגען אין א שיינק און האט גענומען א ביסעל בראנפין און האט פארביסען מיט א בייגעל. אויף זיין אונגליק איז מען דעמאלט אומגעגאנגען זוכען

חטאים אין שטאדט, ווייל א געווינערין איז שווער געגאנגען צו קינד. מסתמא האפט מען אונזער הערשלען אין שיינק און מען שלעפט איהם צום רב.

— וויא אזוי עסט עס א ייד אין א תענית? פרעגט איהם דער רב.

— זאגט מיר, רבי, ענטפערט הערשיל, א שטיינער אז איך האב געגעבען שויזענד רובל א ארעמע בתולה זיא זאל קענען חתונה האבען, מעג איך שוין עסען?

— יא, זאגט דער רב, נאר וויא אזוי איז דאס געשעהן?

— איך בין געגאנגען צום טייך, זיינען געשטאנען צוויא מיידליך און האבען געוואשען וועש, הער איך וויא איינע זאגט: „איך גלויב, אז היינט פאסט בייא אונז דיא גאנצע שטאדט". ענטפערט דיא אנדערע: פון דעסטוועגען וואלט איך געוואלט האבען אזוי פיעל טויזענדער וויפיעל מענשען עס וועלען היינט ניט פאסטען". נא, האב איך דעם-פאר אויך ניט געפאסט, כדי דאס מיידעל זאל האבען מעהר מיט טויזענד רובל.

דער רב מיט די מענשען האבען זיך צולאכט און הערשיל איז זיך אוועקגעגאנגען.

---

8.

## גלויב ניט וואס מען זאגט.

הערשיל קומט א מאל אריין אין בית המדרש דאוונען, לויפט צו צו איהם א יונג איידימיל און זאגט איהם מיט א שמייכעל אז אלע זאלען הערען!

— ר' הערשיל! מען זאגט אויף איך אז איהר זייט א נאר!

— גלויבט ניט וואס מען זאגט — ענטפערט הערשיל — אט זאגט מען אויף דיר אז דוא ביזט א קלוגער — נא, ווער זשע וועט דאס גלויבען?

---

9.

## וויפיעל נאראנים זיינען דא אויף דער וועלט.

איינער מיט א נאקעטען קאפ פרעגט א מאל הערשלין:

— וויפיעל נאראנים זיינען דא אויף דער וועלט אזעלכע וויא איהר זייט?

– אזוי פיעל. ענטפערט הערשיל. וויפיעל האר עס איז דא אויף דיין קלונע קאפ.

---

## 10.

## דיא יארמילקע.

ר׳ ברוכיל׳ס גבאי האט קיין מאל ניט געהויזט מיט הערשלין. ער האט הערשלין פיינד געהאט פאר זיינע שטעכווערטליך. איין מאהל ארויסגעהענדיג פון דיא כלים איבער פנים א שטאכווארט. זאגט ער צו הערשלין, „ווארט אויס. אז דוא וועסט שטארבען וועל איך דיר אפילו אין קבר אויך ניט רוהען לאזען״.

אויף מארגען קימט הערשיל אריין צום רבין מיט א פערקנייטשט פנים.

– וואס איז דיר הערשיל? פרעגט דער רבי ר׳ ברוכיל, ביזט ניט געזונט?

– אט וואס מיר איז. ענטפערט הערשיל. איך קען ניט לעבען אהן אייער יארמילקע. שיינקט זיא מיר אוועק.

– צו וואס דארפסט דוא מיין יארמילקע?

– אייער גבאי האט מיך פערסטראשעט. אז אפילו אין קבר וועט ער מיך אייך ניט לאזען רוהען. דארום וויל איך מיך לאזען מקבר זיין מיט אייער יארמילקע פאר וועלכע ער ציטערט זעהר (ווייל מיט דער יארמילקע פלעגט דער רבי אפט פאטשען זיין גבאי.)

דער רבי האט זיך צולאכט און האט דערצעהלט הערשילס בקשה אלע זיינע חסידים.

פון דאמאלט אן איז דער גבאי שלום געווארען מיט הערשלין.

---

## 11.

## הערשעל גיט זיך איין עצה.

דער רבי ר׳ ברוכיל האט זיך א מאל שטארק צייבייזערט אויף הערשלען און האט איהם פערזאגט מיט דעם הארבען ווארט. ער זאל מעהר ניט בעטרעטען דיא ערד פון זיין הויף.

עס איז אוועק עטליכע טעג און הערשלען האט מען מעהר ניט געזעהן אין

דעם רבינם הויף. אַ מאל שטעהט דער רבי ביים פענסטער און קוקט ארויס אין הויף, זעהט ער הערשעלען אומגעהן דארט. איז ער ארויסגעלאפען צו איהם און פרעגט איהם:

— שטייטש, איך האב דאך דיר אנגעזאגט אז דוא זאלסט מעהר ניט בעטרעטען דיא ערד פון מיין הויף?

— שאט, רבי — ענטפערט הערשיל — בייזערט אייך ניט. איך האב מיר גע־קויפט א ביסעל ארץ ישראל־ערד ביי א ירושלמי און האב עס ארייגעשיט אין מיינע שיך, טרעט איך אצונד ניט דיא ערד פון אייער הויף, נאר דיא ארץ ישראל ערד. טאמער ווילט איהר מיר ניט גלויבען, לייהענט זשע איבער דעם שטר מכירה וואס דער ירושלמי האט מיר ארויסגעגעבען ווען ער האט מיר פערקויפט זיין ערד.

און הערשיל האט ארויסגענומען פון'ם בוזעם א שטר מכירה און האט עס דערלאנגט דעם רבין דער רבי האט עס איבערגעלייהענט און האט זיך שטארק צולאכט פון דעם איינפאל.

פון דעמאלט אן איז הערשעל ווידער א חשוב געווארען ביי'ם רבין

---

12.

## וואס פאר א לשון איז דא ביי דיא רויטע יודליך.

איין מאל אין א ווינטערנאכט, ווען הערשיל איז געזעסען מיט א סך בטלנים אין קלויז ביי דער רובע, האט זיך דער עולם שטארק מפלפל געווען וועגען דער פאליטיק, פון דעם טוגר מיט דער ענגלישער מלכה און ענדליך האט מען זיך צו שמועסט פון די רויטע יודליך וואס זיטצען פון יענער זייט סמבטיון. איינער פון דיא בטלנים טוהט אַ פרעג: וואס פאר א לשון קען זיין ביא דיא רויטע יודליך? א טהייל זאגען: לשון קודש, אנדערע מיינען: אז תרגום לשון.

— איהר ווייסט ניט קיינער אויף ריכטיג, האט הערשיל זיך ארייגעמישט.

— און דוא ווייסט הערשיל? האט איינער פון זייא איהם א פרעג גע־טאָהן אויף חוזק.

— יא, איך וויים בעשטימט!

— נאָ, לאם מיר הערען וואס פאר א לשון איז דא בייא דיא רויטע יודלעך?

— אזא לשון וויא ביי אלע. א רויטע. אלע האבען זיך צולאכט פון דעם אנטווארט.

ווען דער לעזער וועט זיך דערמאָהנען אז לשון איז אויך דיא טייטש, צונג וועט ער פערשטעהן דעם וויץ).

13.

## א פאטש פאר א פאטש.

איינער פון דעם רבינס גבאים האט געהאט זעהר א בייז ווייב, וועלכע פלעגט אפטמאל אונטער פאטשען דעם מאן. איין מאל זאגט דער דאזיגער גבאי אין א ווערטיל צו הערשלין:

— איך האב געהערט, אז נעכטען ביי נאכט האט אויף דיר געגאסען א רעגען פון דער פאמוניצע וואס דיין ווייב האט אויסגעגאסען אויף דיין קאפ.

— דאס איז אמת!—ענטפערט הערשיל—נאר פריהער אבער האט זיך געהערט א דונער, וואס דיין ווייב האט געמאכט, ווען זיא האט איסגעפאצט דיינע באקען און פון דעם דונער האט זיך נאכדעם גענומען דער רעגען.

אלע האבען זיך צולאכט און דער אונגליקליכער גבאי איז פאר בושה אנטלאפען געווארען.

14.

## דער חילוק פון א עזעל ביז דעם נאר.

אויף א ברית מילה, אויף וועלכען עס האט זיך פערזאמעלט א גרויסער עולם, האט הערשיל מסתמא אויך ניט געפעהלט און האט אונטערגעהאלטען דעם עולם מיט זיינא קלוגע וויטצען.

איינער פון דעם עולם, וועלכען מען האט גערופען חייקעל חקרן האט ניט געקאנט ליידען זיינע נארעשקייטען. צום אונגליק איז איהם נאך איינגעקומען צו זיטצען פונקט אנטקעגען הערשעלין. דא האט ער זיך מישב געווען צו געבען איהם א שטאכווארט. אפשר וועט ער שוין דעמאלט קלוג ווערען און וועט אויפהערען צו פיהרען נארישקייט.

און ער טהוט א פרעג הערשלען:

— זאג מיר, הערשעל: וויא ווייט איז פון דיר ביז דאס נארישע עזעל?

— גאר ניט ווייט! — ענטפערט הערשיל — נאר דער טיש אליין שייד־דעט אונז אב איינס פינ׳ס אנדערן.

דער חקרן האט פערשטאנען דאס שטאך־ווארט און האט פערביסען מיט די ליפען.

---

15.

## גריבעס מיט טאראקאנעס.

דאס ווייב פון דעם פרנס־חדש פון הערשילס שטאדט האט שטארק ליעב געהאט צו עסען גריבעס און כאטשי דאס האט איהר פערשארעט און איז אלע מאל קראנק געווארען, דאך האט זי זיך ניט געקאנט אבגעוואוינען פון דעם זיסען מאכל. איהר מאן האט דער פון גרויסע יסורים געהאט, ווייל ער האט שטארק ליעב געהאט דאס ווייב. ער האט הערשלין דערצעהלט זיינע צרות און הערשיל האט זיך אונטער־גענומען אב געוואוינען דאס ווייב פון די גריבעס. און אט וואס ער האט געטאהן.

דאס ווייב פון דעם פרנס־חדש האט שרעקליך ניט געקאנט קיקען אויף שווארצע טאראקאנעס. הערשיל האט דאס געוואוסט און האט עס בענוצט פאר א מיטעל אויסצופיהרען זיין פלאן. ער האט געקויפט אין מארק ווייסע גריבעס, האט זייא צושפאלטען און אנגעפיהלט זייא מיט א סך לעבעדיגע טאראקאנעס און נאכדעם ווי ער האט צוריק גאנץ געמאכט די גריבעס האט ער עס אונטערגעטראגען פאר א משלוח מנות צום ווייב פון דעם פרנס־חודש, דאס ווייב האט גערן צוגענומען ביי איהם די טהייערע מתנה און האט געהייסען איהר קעכען זיא זאל זייא אריין נעהמען אין קיך און אב בראטען זייא.

הערשיל האט זיך אונטערגעבאפט ער זאל זייא אליין אריין טראגען אין קיך און זאל אכטונג געבען אויף דער קעכין זי זאל ניט ענטדעקען זיין חיטרען איינפאל.

באלד זיינען די גריבעס פארטיג געווארען און הערשיל איז צוריק אריינגעגאנגען אין שטוב. די בעל הבית׳טע האט מכבד געווען הערשלין מיט א פולען טעלער מיט גריבעס. הערשיל האט זיך ניט אבגעזאגט פון דעם כבוד און די בעל הבית׳טע האט דערווייל שוין אויפגעגעסען עטליכע גריבעס.

פלוצים הויבט זיך אן הערשיל צו קרימען, חאפט אוים ביי דער בעל־הבית׳טע די גריבעס און נאכדעם ווי ער האט אוועקגעווארפען זיין טעלער מיט גריבעס,

לויפט ער ארוים פון דעם טיש און הייבט אן צו שרייען, מען האט מיך אבגענארט! אבגענארט! טאראקאנעס! טאראקאנעס״!

די בעל־הבית׳טע איז אויפגעשפרונגען פון איהר ארט, האט גענומען בעטראכ־טען די רויהע גריבעס; זיא האט אויפגעשפאלטען איינע פון זיי, איז ארויסגעקראכען א לעבעדיגער שווארצער טאראקאן, דעם צווייטען, דעם דריטען — אויך דיא אייגע־נע מעשה! דיא בעל הבית׳טע איז חלשות געפאלען און פון דעמאלט אן האט זיא שוין מעהר ניט געקאנט קוקען אויף דיא גריבעס.

הערשיל האט אפילו געלייזט שיינע עטליכע שטעקינס אויף זיין פלייצע פון דעם פרנס־חדש פאר די שרעק וואס ער האט פערשאפט זיין ווייב, נאר נאכדעם האט ער איהם איבערגעבעטען און האט איהם אוועקגעשענקט זיין שבת׳דיגע קאפאטע.

---

## 16.

## פאר מיין פרייז פערקויף איך.

דיא קאפאטע וואס הערשיל האט בעקומען פאר א מתנה פונ׳ם פרנס־חדש איז נאך געווען א גאנץ נייע און א טהייערע. איין מאהל אין א יום טוב ווען הערשיל האט זיך אויסגעפראנטעט אין דער דאזיגער קאפאטע, געהט ער זיך שפאצירען אי־בער דער שטאדט מיט דעם שטעקין אין דער האנד. עס קומט איהם אנטקעגען דער משרת פון דעם פרנס חדש און פרעגט איהם, אויב ער וואלט א בעקן געווען איהם פערקויפען דיא קאפאטע.

— אך! פאר וואס דען נישט! ענטפערט הערשיל — איך קען זיא דיר אפילו פערקויפען פאר דעם פרייז וואס זיא קאסט מיך אליין.

און מיט דיא ווערטער האט ער געכאפט דעם שטעקען און האט מיט איהם אנגעהויבען צו שלאגען דעם משרת, צעהלענדיג די קלעפ: איינס, צוויי, דריי, א. ז. וו.

דער משרת איז מיט׳ן גרעסטען כעס אנטלאפען געווארען צום פרנס־חדש און האט איהם דערצעהלט וואס הערשיל האט איהם געטאהן.

דער פרנס־חדש האט געשיקט נאך הערשלין און פרעגט איהם, העכסט אויפ־געבראכט:

— וויא אזוי האסט דיא זיך אינטערגעשטעלט צו שלאגען מיין משרת אין מיטען גאס, ווען ער האט דיך גאר ניט בעריהרט?

— ניין, ענטפערט הערשיל, איך האב איהם ניט געשלאגען, נאר פערקויפט האב איך איהם דיא קאפאטע פאר דעם זעלבען פרייז וואס זיא קאסט מיך אליין.

— איך פערשטעה דיך ניט, רייד דייטליכער!

— די מעשה דערפון איז אזוי — זאגט הערשיל — דיא דאזיגע קאפאטע האב איך בעקומען פון אייך א מתנה, נאר איידער איהר האט זיא מיר געגעבען, האט איהר פריהער אבגעצעהלט צוואנציג שטעקענס אויף מיין פלייצע און אזוי ווי אייער משרת איז מרוצה געווארען צו קויפען ביי מיר דיא קאפאטע פאר דער פרייז וואס איך האב באצאהלט, האב איך אנגעהויבען איהם צוצעהלען מיין פרייז.

דער פרנס־חדש האט זיך צולאכט. נאר פאר דעם קנס וואס הערשיל האט מביש געשטעלט דעם משרת, האט ער איהם געהייסען ער זאל דעם משרת אוועקגעבען דיא קאפאטע,

הערשיל איז געווארען א ציקאכטער.

— שטייטש, שרייט ער, וואו איז דאס געהערט געווארען אין דער וועלט אזא אומרעכט?

— וואס איז דאס פאר אזא אומרעכט? פרעגט איהם דער פרנס־חדש.

— אודאי! שרייט הערשיל — מיך קאסט דיא קאפאטע צוואנציג שטעקינס אויף מיין ארעמער פלייצע און אייער משרת האט נאר זעקס שטעקינס פון מיר בעקומען! הייסט זשע איהם ער זאל פון מיר בעקומען די איבעריגע 14 שטעקינס און לאם איך ניט ליידען קיין היזק!...

נאך דער משרת האט זיך איבערגעשראקען פאר הערשילס שטעקינס און האט זיך אפגעזאגט פון דער קאפאטע.

---

## 17.

## הערשיל בעשטראפט זיין ווייב.

הערשילס ווייב — א יודענע אהן חכמות, פלעגט קיין מאל ניט פאלגען דעם מאן, שטענדיג האט זי געמאהן קאפויר וואס ער האט געזאגט. דאס האט הערשלין

פערדראָסען און ער האט זיך בעשלאסען ער זאָל זיא בעשטראפען אזוי וויא איהם פאסט.

ער איז געוועזן אַ חשוב ביים פריץ פון דער שטאדט, וועלכער איז אויך געוועזן אַ געריהמטער צאָהנארצט.

איין מאל קימט הערשיל אריין צו איהם מיט אַ פערזארגט פנים.

— וואס איז, הערשיל? וואס ביזט דוא אַזוי פערזאָרגט? פרעגט איהם דער פריץ.

— אך, פריץ! דאס ווייב מיינס גיט מיר גאר קיין מנוחה ניט: חאטש נעהם און אנטלויף אין דער וויטער וועלט אריין! וויפיעל מאל איך האב זיא שוין געבעטען זיא זאל זיך לאָזען ארויסנעהמען דעם שלאפען צאָהן, איז זיא אָבער איין עקשן און וויל דאָס אפילו ניט הערען. סיידען דוא אליין זאלסט זיך נעהמען צוא איהר...

— שוין! — האט געענטפערט דער פריץ. — איך וועל איהר בעפרייען פון דעם קראַנקען צאָהן, דעמאלט וועט איהר ביידע בעפרייט ווערען פון די שמערצען.

און נעהמענדיג אַ קליין צוואַנגעל האָט דער פריץ זיך אריינגעזעצט מיט הערשלען אין זיין קאַרעטע און זיינע צוויי בעדינטע — געזונטע פויערן — האט ער געהייסען נאכגעהן און זיינען אָנגעקומען צו הערשילס וואָהנונג.

דער פריץ פרעגט הערשילס ווייב וועלכער צאהן עס טוהט איהר וועה און גיט איהר איין עצה זיא זאל זיך לאזען אויסרייסען דעם צאָהן. הערשילס ווייב שווערט זיך נעביך מיט כל השבועות אז איהר טהוט גאַר קיין מאָהל ניט וועה קיין צאָהן, נאָר הערשיל שטעהט אונטער דעם פריץ און רוימט איהם איין אַ סוד אז דאס ווייב פארשטעלט זיך, זיא נאַרט אָב.

דער פריץ הייסט זיינע צוויי בעדינטע זיי זאָלען זי אנידערזעצען אויף אַ באַנק און פעסט צוהאלטען זיא. ער פרעגט הערשלין וועלכער צאָהן איז אַ שלאַפער ביי'א איהר און הערשיל ווייזט איהם אויף דעם געזונדעסטען צאָהן און וויא אַזוי דיא אָרעמע פרוי האָט ניט געשריען פון וועהטיג, האָט דער פריץ אַרויסגעשלעפט דעם שטאַרקסטען צאָהן פון איהר מויל.

שפעטער איז דער פריץ געוואהר געווארען פון הערשילס איינפאל און האט אַ לאַנגע צייט געלאַכט. נאָר הערשילס ווייב האָט פון דעמאָלט אָן שוין תמיד געפאָלגט דעם מאַן.

18.

## הערשעלס שטוקעס.

דער רבי ר׳ ברוכ׳ל איז איין מאָל אריינגעפאַלען אין אַזאַ גרויסער מרה שחורה, אַז ער האט זיך פערמאַכט אין זיין צימער און האָט קיינעם ניט גע־הייסען אַריינקומען צו זיך, אפילו קיין עסען האָט ער זיך ניט געהייסען אריינטראָגען.

דיא רביצין האָט געבעטען הערשלען ער זאָל זעהן מיט עפּעס צו פערטרייבען פונ׳ם רבין דיא מרה שחורה. נאר וואס קען מען דאָ טאָהן, אַז דער רבי האָט פערזאָגט קיינער זאָל זיך ניט וויאַגען צו איהם אריינקומען?

דאָך אונזער הערשיל איז ביי זיך ניט אראב געפאַלען.

אַזוי וויא צום רבין אין שטיבעל האָט ער ניט געטאָרט אריינקומען, האט ער זיך אַראָבגעלאָזט אין קוימען, און פון דאָרט אין רובע, וועלכע איז אריינגעגאַנגען גלייך צום רבין אין שטיבעל.

אויסשמירענדיג זיך דאָס פנים מיט סאַזשע האָט הערשעל געזעהן, וויא דער רבי זיצט אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענד דעם קאָפּ ביים טיש געגען דעם שפּיגעל און דאס איז פּונקט אויסגעקומען געגען דער רובע.

הערשעל האָט אַרויסגעשטעלט דאָס שוואַרצע פּנים זיינס און דער רבי האָט פּלוצים דערזעהן אין שפּיגעל דאָס פערשמירטע און פער׳חושכ׳טע צורה. ער האָט אַקוק געטאָהן צו דער טהיר—צו זעהן ווער עס איז אריינגעגאַנגען צו איהם, נאָר הערשיל האָט זיך דערווייל בעהאַלטען אין דער רובע. דער רבי האָט זיך ווידער פערטיפט אין זיינע געדאַנקען. נאָר אין עטליכע מינוט שפּעטער האָט זיך ווידער בעוויזען אין שפּיגעל דאָס פערשמירטע פּנים. דער רבי האָט זיך ווידער אומגיקעהרט און הערשיל איז ווידער פערשוואונדען. דער רבי האָט אַריינגע־רופען דעם גבאי און האָט איהם געהייסען אויסזוכען אין אַלע ווינקעלעך נאָר ער האָט קיינעם ניט געפונען. דער גבאי איז ארויסגעגאנגען און דער רבי האָט זיך ווידער פערטיעפט אין זיינע פערזאָרגטע געדאַנקען.

פּלוצים דערזעהט ער וויא פון דעם קוימען פון דער רובע קומט אַרויס אַ שוואַרצע צורה פון אַ מענשען. מיינענדיג אַז דאָס איז עפּעס אַ גנב, האָט דער רבי געחאַפּט זיין שווערען שטעקען און צולויפענדיג מיט איהם צו דער רובע האָט ער אַ געשריי געטאָהן:

— אַרויס פון דאַנען אַז ניט צושפּאַלט איך דיר דאָרט דעם קאָפּ!

נאָך קיין אַנטוואָרט איז ניט געקומען.

דער רבי האָט איבער געחזרעט זיין באַפעהל.

קיין אנטייארט איז אלץ ניט געקומען.

דאָן האט דער רבי אנגעהויבען מיט כעס צו שלאָגען מיט דעם שטעקען אין קיימען און באַלד דעריוף האָט זיך געהערט פון דעם קיימען א געבי־עריי פון הינד און נאָכדעם אַ מיוקעריי פון קעץ. אויפ'ן סוף איז הערשעל ארויסגעקראָכען פון דעם קיימען שוואַרץ ווי אַ רוח און האָט איבערגעבעטען דעם רבין און געזאָגט צו איהם:

— זייט מיר מוחל, רבי, וואָס איך האב אייך אַ ביסעל דאַקוטשעט. וואס זשע דען האָב איך געזאָלט טאָהן: אַז צו אייך אין שטוב האב איך ניט געטאָרט ארייננקומען, האָב איך מיר געפונען איין אָרט דורך דעם קוימען.

— וואו זשע ביזטו געווען דיא גאַנצע צייט ווען איך האָב געשלאָגען מיט דעם שטעקען אין קוימען?

— שומר פתאים ד׳, שטעהט אין תהלים—האָט הערשעל געענטפערט— איך בין אין דער גאַנצער צייט געשלאפען אין קוימען.

און דא האט הערשיל גענומען גענעצען און אויסציהען זיך, פונקט וויא ער איז ערשט פון דעם שלאָף אויפגעשטאַנען. דאס איז אויסגעקומען אַזוי קאָמיש, אַז דער רבי האָט זיך געמוזט צולאַכען. ער האָט אַריינגערופען דיא רביצין און ווייזענדיג איהר אויף הערשעלען האָבען זייביידע לאַנג געלאַכט.

---

## 19.

## פאַרזעטצונג פון הערשעלעס שטוקעס.

דער פריץ, ביי וועמען הערשעל איז געווען חשיב, האָט זיך אַמאָל צו־בייזערט אויף דעם אַרענדאַר זיינעם און האָט איהם געהייסען אָפּלאָזען דיא ארענדאָ. דער אַרענדאַר האָט געבעטען הערשלען ער זאָל איהם דאָ זעהען אַ אַ טיבה טאָהן ביים פריץ. הערשעל איז זונטיג אין דער פריה אַוועקגעגאַנגען צים איספּראַווניק אין האָט איהם געזאָגט, אַז דער פריץ האָט געהייסען ער זאָל ביז אַ זייגער 12 צונייפזאַמלען אַלע מענשען פון דער שטאָט וואָס האָבען ליי־סע קעפּ און זאָל אויסשטעלען זייא אין צוויי שורות נעבען דער קירכע.

— צו וואָס דאַרף ער דאָס?

—ווער קאָן וויסען וואָס אַ פריץ פערגלוסט זיך! האט הערשעל געענטפערט.

דער איספּראַווניק האָט מיט גרוים מיהע קוים אָבגעזוכט 96 מענער מיט ליסע קעפּ אין האט זיי אויסגעשטעלט אין דרויסען נעבען דער קירכע.

פונקט זייגער 12, ווען עס האָט זיך געענדיגט דאס גיבעט אין דער קירכע איז דער פריץ פון דאָרט ארייסגעגאנגען. דער טאָג איז געוועזען א שיינער, די זון האט

געשיינט. פלוצים האבען אלע 96 מענער אויף איין מאל אראבגעחאפט דיא היטלען פון דיא קעפ און דיא זון האט בעלויכטען זייערע נאקעטע קעפ.

— וואס זאל דאס בעדייטען? — האט דער פריץ געפרעגט דעם איספראווניק.

— אייער דורכלויכט! — האט זיך פארענטפערט דער איספראווניק — האט דאך דאס בעפוילען דורך הערשלען און איך האב ריכטיג ערפיהלט אייער באפעהל.

דער פריץ האט זיך צולאכט אויף הערשעלס שטוקע.

אין דעם האט זיך הערשעל בעוויזען פאר דעם פריץ.

— זייט מיר מוחל, פאן! האט ער געזאגט, וואס אין דער גאנצער שטאדט האבען זיך נאר געפונען 96 ליסע קעפ, דען פון דיא איבעריגע קעפ האט נאך ניט אוספייעט דיא האר אויסצוקריכען.

דער פריץ האט ווייטער געלאכט און הערשעל האט בענוצט די אויפגעלעגטע צייט אויסצובעטען ביי דעם פריץ ער זאל צוריק אבגעבען דעם ארענדאר זיין ארענדע.

---

## 20.

## הערשעל ווערט א דאקטאר.

איין אלטע מויד, שוין אריבער דרייסיג יאהר, האט אפט געליטען פון קאפשמערצען. אין דעם האט זי געהערט אז א נייער דאקטאר איז אראבגעקומען אין שטעדטעל און האט געשיקט איהם רופען.

דער נייער דאקטאר איז געווען טאקע אונזער הערשעל. איהם האבען זיך שוין אויסגעלאזט אלע שטוקעס, האט ער זיך מישב געווען און האט זיך אויסגעגעבען פאר א דאקטאר.

הערשעל בעטראכט דעם חולה און געפינט די סבה פון איהר שלאפקייט.

— איהר מוזט חתונה האבען — זאגט ער איהר קורץ — וועט איהר פאלקאם געזונד ווערען.

— עס קען זיין אז איהר זייט גערעכט, איך גלויב אייך הער דאקטאר. איך וועל פאלגען אייער עצה, זעהט, געפינט מיר א חתן.

— איך בין ניט קיין שדכן און קען ניט זיין קיין שדכן.

— אז איהר קענט ניט זיין קיין שדכן, זייט זעה מיין חתן.

— ניין, זאגט הערשעל, מיר דאקטוירים פערשרייבען נאר רעצעפטען, אבער מיר נעהמען זיי ניט אוים.

---

21.

## פארטזעטצונג.

איין אנדערס מאל קומט צו איהם א בויער און בעט איהם ער זאָל איהם געבען אַ רפואה.

— וואָס טהוט דיר וועה? פרעגט הערשיל.

— אָט דא אין דער זייט טהוט מיר זעהר וועה.

— הויב אויף די הענד ארויף און ציה דעם אָטהעם.

דער בויער מהוט ווי הערשיל הייסט איהם.

— נו, וואָס הערט זיך?... דו אטהעמסט שווער?

— נישט־קשה... ענטפערט דער בויער, נאר קוים ריהר איך זיך נאָר צו, צו דער זייט, טהוט מיר שוין וועה.

— ווייכטו זשע וואָס, זאגט הערשיל, ריהר זיך קיין מאל ניט צו, צו דער זייט, וועט דיר מעהר ניט וועה טהאָן.

— טאקע?! שרייט אוים מיט פרייד דער בויער. — לאנג לעבען זאָלט איהר פאַר דער עצה.

---

22.

## פארטזעטצונג.

איין מאל קימט אריין צו הערשלען אַ אַלטע יודענע מיט אַ געוויין:

— העלפט מיר, רבי דאקטאר! ראטעוועט אַ נפש.

— וואָס פעהלט אייך?

— דער קאפ ברעכט אַזוי, אַז עס שטעכט אַזש אין די זייטען.

— מען דארף לייגען אַ פלאסטער אויף דער פאטילניצע. גיט אַהער 20 קאָפיקעס.

די יודענע גיט איהם דאָס געלד און הערשיל מאַכט אַ פלאסטער און לייגט עס איהר אַרויף אויף דער פאַטילניצע.

— אין צוויי שעה אַרום זאָלט איהר דא ווידער זיין, וועל איך זעהן ווי אַזוי עס האט אָנגעריסען און דערווייל געהט אַ היים.

— סטייטש! זאָגט די יודינע פערוואונדערט, ווי אַזוי זשע זאָל איך אַ היים געהן?

— וואָס הייסט, ווי אזוי? אַזוי ווי אַלע מענשען געהען.

— אפשר האָט איהר, רבי דאקטאר, נאָך אַ פלאַסטער?

— צו וואס איז?

— זוי הייסט צו וואָס? פאַר מיין שנור! איך בין דאָך ניט קראַנק, נאָר די שנור איז קראַנק!

— צו וואס זשע האָט איהר זיך געלאָזט לייגען דעם פלאַסטער?

— ווייל איך האָב ניט געקענט דערווידער זיין אייערע רייד.

הערשיל האט זיך שטאַרק צילאַכט.

מיט פיעל מיהע האט ער אָבגעריסען דעם פלאַסטער פון איהר פאטיל־ניצע און זי האָט דאָס אוועקגעטראָגען דער שנור.

23.

## פאַרטזיעטצונג.

ווידער האָט זיך געטראָפען אַ מעשה אין הערשילס פראַקטיקע.

מען האָט איהם גערופען צו אַ חולה. הייסט ער דעם חולה ער זאָל איהם ווייזען די האַנד. הערשיל זעהט אַז די האַנד איז בעדעקט מיט רויטע פלעקען, זאגט ער:

— דער חולה האָט אַ היציג שלאַפקייט מיט פלעקען, מוז ער שטאַרבען, ווייל ער האָט זיך זאַראַזעט פון פער׳עיפוש׳טע בהמות.

— וואָס זאָגט איהר, הערר דאקטאר! — ענטפערט דעם קראַנקענס ווייב, מיין מאַן איז אַ פאַרבער און פון די פאַרב איז איהם רויט די האַנד.

— אויב אַזוי — זאָגט הערשיל — איז ער גליקליך וואָס ער איז אַ פאַרבער, אַז ניט וואָלט איך איהם שוין אָבגעזאָגט דאָס לעבען.

24.

## די לעצטע פראַקטיקע פון הערשילס דאקטאריי.

הערשיל האָט געהאַט אויסגעצייכענט פונ׳ם ספר רפואות אַלע רעצעפטען, האָט ער עס איבערגעשריבען אויף קליינע קוויטעליך און ווען מען האָט איהם גערופען צו אַ חולה, האָט ער איהם געהייסען אַרויסציהען אויף גליק אַ קוויטעלע און וואָס פאַר אַ רפואה עס איז געווען פערשריבען אין דעם קוויטעלע, האָט ער עס געהייסען טאָהן.

איין מאָהל רופט מען איהם צו אַ ווייבעל, וועלכע עס האָט געהאַט

אַנגעריסען אַ מכּה אין האַלז. הערשיל האָט איהר געהייסען אַרויסשלעפּען אַ קוויטעלע פון זיין טאַש און האָט עס איהר איבערגעלייענט איז געשטאַנען דאָרט אַז מען זאָל מאַכען אַ קאַנע.

דאָס ווייבעל האָט זיך שטאַרק צולאַכט און פון דעם גרויס געלעכטער איז צוזעצט געוואָרען איהר מכּה אין האַלז און זי איז געהאָלפען געוואָרען.

---

25.

## הערשיל ווערט א שדכן.

אַז הערשלען איז ניט געראָטען די דאָקטאָריי איז ער אַ שדכן געוואָרען.

איין מאָל קומט ער אַריין צו איין אויפגעקומענעם גביר, וועלכער איז פריהער געווען אַ בעל עגלה און וועלכער האָט געהאַט אַ טאָכטער חתונה צו מאַכען. נאַטירליך האָט אונזער גביר געוואָלט טאָהן אַ גרויסען שידוך, ווי דער שטייגער איז פון די אויפגעקומענע גבירים.

פלוצים לייגט איהם הערשיל גאר פאָר אַ שידוך מיט אַ שוסטערס אַ זיהן.

— דו פאַרך! צובייזערט זיך אויף איהם דער גביר — ווי אַזוי שטעלסטו זיך אונטער מיר פאָרצולייגען אַזא שידוך? אַרויס פון מיין שטוב!

און הערשיל איז מיט חרפּה אוועקגעגאנגען פון איהם.

אין עטליכע וואכען שפּעטער קומט ער ווידער צו איהם.

— שוין? ביזט ווידער געקומען — פרעגט איהם דער גביר מיט כּעס — איך האב דאָך דיר שוין איין מאָל אַרויסגעטריבען פון דאַנען!

— איך האָב אַצונד אַ גרויסאַרטיגען שידוך פאַר אייך — ענטפערט הערשיל.

— מיט וועמען איז? — פרעגט נייגעריג דער גביר.

— מיט דעם האצעלער רב'ס אַ זוהן.

— אָט דאָס איז אַ פיינער שידוך! האָט איהר שוין דאָרט גערעדט?

— אודאי האָב איך גערעדט.

— וואָס זשע האָט מען אייך געענטפערט?

— דאָס אייגענע יואָס איהר האָט מיר געענטפערט ווען איך בין צו אייך געקומען דאָס ערשטע מאָל.

דער גביר איז פערשעהמט געוואָרען.

---

26.

# אין בית המדר"ש.

אין די גרויסע ווינטערדיגע נעכט פלעגט הערשיל ליעב האבען צו זיטצען אין בית־המדרש ביי דער ווארעמער חרובע מיט א חברה בטלנים און עוסק זיין אין שאלות־ותשובות.

מען פרעגט הערשלין:

— וואס האט ער בעסער ליעב: א רייכען ברית אדער א רייכע לויה?

— א רייכען ברית — ענטפערט הערשיל.

— פאר וואס איז עס?

— ווייל פון דעם רייכען ברית וועט שפעטער ווערען א רייכע לויה.

— מען פרעגט ווייטער הערשלין:

— וואס וויל ער בעסער: א שיסעל בארשט צו צוויי שיסלען רויהע בוריקעס?

— די צוויי שיסלען רויהע בוריקעס, ענטפערט הערשיל.

— וואס קענסטו דען טאהן מיט זיי?

— פון זיי קען איך האבען א וואוילע שיסעל בארשט און זאל נאך בערבלייבען מיט די בוריקעס.

מען פרעגט ווייטער הערשלין;

— ווער איז געוועזען דער ערשטער אפטייקער אין דער וועלט?

— די ציג — ענטפערט הערשיל. ווייל זי האט אויפגעזוכט קרייטער און פילען געמאכט.

מען פרעגט ווייטער הערשלין:

— וואס איז ניצליכער אויף דער וועלט: די זון צו די לבנה?

— אודאי די לבנה — ענטפערט הערשיל — ווארום די זון שיינט דאך נאר בייטאג, ווען עס איז אזוי אייך געגוג ליכטיג.

— פאר וואס האט מען אדם הראשון ארויסגעטריבען פונ'ם גן עדן?

— מסתמא האט ער ניט געצאה"לט קיין דירה־געלד.

— פאר וואס קימט ניט משיח אזוי לאנג?

— כדי דער יין המשומר זאל אלט ווערען, וועט ער בעסער זיין צום טרינקען.

— קאן זיין אויף דער וועלט א צווייטער מבול?

— ער איז שוין פון לאנג דא, ענטפערט הערשיל. ווען נח איז לעבען געבליבען פון'עם ערשטען מבול, האט ער געפלאנצט א וויינגארטען און האט

אויסגעטראכט דעם ייין, איז אָט פון דעם דאזיגען מבול פון וויין זיינען שוין אַ סך מעהר מענשען אומגעקומען ווי פון דעם ערשטען מבול.

— וואס איז דאס ערגסטע אין דער תולדות הטבע (נאטור געשיכטע)?

— וואַנצען מיט צוויי פיסינע עולע.

— וואס וואלסטו טאהן, הערשיל, ווען די זאלסט פלוצים רייך ווערען?

— איך וואלט אָנשטאָפּען די אלע לעבער פון מיינע קליידער מיט אַסיגנאציעס.

— פון וועלכער צייט האבען די מענשען אָנגעהויבען צי שטארבען?

— זינט די מענער האבען אָנגעהויבען צו פאָלגען די ווייבער.

— וואָס איז דער חלוק פון אַ חסיד ביז אַ מתנגד?

— דער חסיד זאגט, אז דער רבי איז אַ צדיק און דער מתנגד זאָגט, אז אַ צדיק איז גאָט.

— וועלכע נאציע איז די חשוב'סטע אין דער וועלט?

— די אסיג־נאציע.

— ווי קומט עס וואָס פון ראש חודש אלול הויבט שוין אָן קיהל צו ווערען.

— מחמת מען בלאָזט שופר דעם גאנצען חודש, איז די ווינדען וואס געהען ארויס פון די שופרות קיהלען זיי אָפּ דעם הייסען אויר ווערט קאלט.

— פאר וואס פאלט א שכור פון די פיס און ניט פונ'ם קאָפּ?

— ווייל עס שטעהט: שקר אין לו רגלים און שקר מיט „שכור" גרייכט זיך כמעט אוים ביים ריידען.

— נאָך וואס טויג דעם מענשען די אויערען?

— כדי דאָס היטעל זאָל ניט אראפפאלען איבער די אויגען.

— עס איז אמת, הערשיל, מען זאָגט אז אָפט שלאגסטו דיין ווייב מיט'ן שטעקען און זי דיך מיט דער קאטשערע?

— עט! — ענטפערט הערשיל — עס טרעפט ביי אונז אמאל פארקעהרט אויך...

---

27.

## הערשיל איז זיך נוקם.

הערשיל איז אמאל אָנגעקומען ווינטער ביי נאכט צו איין אכסניה ווען זי איז שוין געווען פערמאכט און אין דרויסען איז געווען א שרעקליכער פראָסט. הערשיל קלאפט אָן אין דער טהיר מען זאָל איהם עפענען. דער בעל אכסניה וועלכער איז שוין געלעגען אין בעט זאגט צו זיין ווייב: „א רחמנות, חלעבען, אויף דעם ייד'ען וואס שטעהט אויפ'ן גאס" נאר די טהיר עפענט ער איהם ניט.

הערשיל קלאפט ווייטער אָן און בעט: „האט רחמנות! לאזט מיך אריין אין שטוב. ווארום איך ווער פארפרוירען!“

און דער בעל אכסניה זאגט ווייטער צו די ווייב:

— „אַ רחמנות אויף דעם יודען וואס שטעהט אין דרויסען!“

— סטייטש, זאָגט דאָס ווייב, אז דו האסט יא רחמנות אויף איהם, פאר וואס זשע לאזט דו איהם ניט אריין אין שטוב?

— נארעלע! — ענטפערט ער — אז איך וועל איהם אריינעהמען אין שטוב, וועט דאך שוין ניט זיין קיין רחמנות אויף איהם!

הערשיל האט דעם ענטפער גוט געהערט און טראכט זיך: „ווארט, איך וועל דיר שוין אָפּטהאן אַ גוט שפּיצעל!“

אין א פּאר טעג שפּעטער קומט הערשיל אריין אין דער זעלבער אכסניה, לייטעש אָנגעטהאן און פרעגט דעם בעל אכסניה צו קאן ער ביי איהם האל-טען סטאנציע אויף ניט קיין בעשטימטער צייט.

— אך מיט'ן גרעסטען כבוד! — ענטפערט דער בעל אכסניה — איהר דארפט אודאי אַ בעזונדער חדר מיט מעבעל?

— יא, און מיט עסען אויך.

— גוט, גוט! זאגט דער בעל אכסניה, נאר געלד מוזט איהר מיר בעצאהלען פאר א חודש פאראויס.

— פאראויס צאהל איך קיין מאל ניט, ווייל דער שווער מיינער שיקט מיר צו געלד נאכ'ן חודש, דאקוּם קאן איך ביי אייך קיין אורח ניט זיין... נאר וויפיעל, למשל, נעהמט איהר פאר דעם חדר?

— פינף רובל א חודש.

— איך בין אומשטאנדע צו צאהלען זעקס רובל פאר דעם חדר, ווייל ער איז מיר געפעלען. און וויפיעל נעהמט איהר פאר קעסט?

— פופצעהן רובל א חודש, וועט שוין זיין דריי געריכטען א טאג מיט צוויי מאל טהיי.

— איך קאן אייך געבען 20 רובל אַ חודש, זאגט הערשיל, אבי עס זאל זיין גוטע עסען.

— אויב אזוי זאגט דער בעל אכסניה, בין איך מרוצה צו ווארטען מיט דעם געלד אויף נאך דעם חודש, אבי איהר זאלט נאר האלטען וואָרט און מיך ניט אָבּנארען.

— איך האָב נאָך קיינעם ניט אָבגענארט, ענטפערט הערשיל. מיר קומט אפט אויס איינצושטעהן אין אכסניות אין שטענדיג ווען איך ציה זיך ארויס בעגלייט מיך דער בעל אכסניה מיט טרערען.

אין הערשיל איז געבליבען אין דער אכסניה.

עס איז אַוועק אַ חודש און צוויי, הערשיל דערמאהנט זיך ניט געלד צו צאהלען, נאר ער עסט און טרינקט און קומט צו זיך.

דעם בעל אכסניה איז דאס אריין טיעף אין דער נאז.

— וואס זאָל דאס בעדייטען, ר' הערש? פרעגט ער איהם ענדליך. איהר האט דאך געזאגט, אז איהר צאהלט נאכ'ן חודש, צום סוף איז שוין אוועק צוויי חדשים און איך זעה נאך אלץ ניט פון אייך קיין געלד!

— וואס פאר אַ שוטה איהר זייט! ענטפערט הערשיל. צו מיינט איהר אין אמת'ן, אז ווען איך זאל זיין אַ גוטער צאהלער וואלט איך בעשטאנען צו וואָהנען אין אזא קבר? אדער צו עסען אזא שלעכט עסען ווי ביי אייך איז?... היינט פערגעסט ניט אז איך האב אייך צוגעזאגט צו געבען 26 רובל א חודש, ווען איך פארדין ניט אפילו קיין 26 קאפיקעס א חודש און מיין שווער פון יענער וועלט זאגט, אז פון דארט איז זעהר שווער איבער צו שיקען געלד...

— פאר וואס זשע האט איהר מיך אָבגענארט?

— איך האב אייך ניט גענארט, מיין ליעבער יוד, איך האב זיך גאר בעריהמט פאר אייך.

— ווי אזוי האט איהר זיך דאס אונטערגעשטעלט דאס צו טהאן?

בייזערט אייך נאר ניט, פעטער! ענטפערט הערשיל. פאר אזא פינסטערען און נאסען חדר און פאר אזא שלעכט עסען ווי איך האב ביי אייך געהאט, איז פשוט איין עבירה אייך צו בעצאהלען. פארקעהרט. איהר דארפט מיר נאך צו צאהלען וואס איך האב אזוי לאנג געליטען ביי אייך.

דער בעל אכסניה האט פון פערדראס זיך צו וויינט.

— וואס איז דאס פאר אַיין אונגליק? שרייט הערשיל. שטענדיג ווען איך דארף זיך אַרויסציהען פון איין אכסניה, בעגלייטעט מיך דער בעל-הבית אדער די בעל-הבית'טע מיט טרערען, זיי בעוויזען מיך ווי אַ געשטארבענעם. הערט אויף, איך בעט אייך, צו וויינען. עס קען זיין אז מיר וועלען זיך נאך זעהן.

— ניין, ניין, לאז גאט אָפּהיטען! האט דער בעל אכסניה איהם נאכגעשריען.

---

28.

## די קאפאטע.

הערשיל האט אמאל אומגערען פארפלעקט איינעם זיין נייע קאפאטע. האט יענער איהם געשלעפט צום רב. דער רב האט גע'פסק'נט. אז הערשיל זאל דעם יודען

בעצאָהלען דריי רובל פאַר דער קאַפּאָטע. הערשיל האט גראדע ביי זיך גע־
האַט געלד, נעהמט ער אַרוים דריי רובל און בעצאהלט. דער יוד איז געוועזן
זייער צופריעדען און וויל שוין אַוועקגעהן, נאר הערשיל לאָזט איהם ניט געהן.

— שטעה, זאָגט ער, איך האָב דאָך דיר בעצאָהלט פאַר דער גאנצער
קאַפּאָטע איז זי דאך שוין מיינע, טוה זשע זי אוים און גיב מיר זי אָב.

— קום מיט מיר אַ היים, זאָגט יענער, וועל איך זי דיר געבען.

— ניין! שרייט הערשיל, איך וויל דיר ניט לאָזען געהן מעהר אין מיין
קאַפּאָטע שוין טוה זי אוים און גיב מיר זי אָב!

דער יוד פרובט זיך בעטען ביי איהם: סטייטש, ווי אַזוי געהט מען עס
אין גאַס אהן אַ קאַפּאָטע? דערצו טראגט ער נאָך תחתונים אהן הויזען.

נאָר הערשיל וויל ניט נאכגעבען, דער יוד האט זיך געמוזט אָבזאגען
פון די דריי רובל און דאס האט טאַקי הערשיל געמיינט.

---

29.

## אַ תירוץ.

מען פרעגט אַמאָל הערשלין, פאר וואס טראגט ער אזא צוריסענע קאפאטע?
נישט־קשה, ענטפערט ער, זארגט אייך ניט, איך האב אין קאסטען אַ
נייע קאפאטע.

פאר וואס זשע נעהמסט דו זי ניט ארוים?
ווייל דער קאסטען איז פערשלאסען.
נו, שליסט מען אויף?
דאס שליסעלע ליגט אבער אויך אין קאסטען, ענטפערט הערשיל.

---

30.

## אין מארק.

קויפט, ר' הערשיל, די שאפע ביי מיר איך פערקויף זי אין גלייכען געלד!
וואס זשע וועל איך אריינלעגען אין איהר?
סטייטש? אייערע מלבושים!
און אליין זאל איך נאקעט געהן? פרעגט איהם הערשיל מיט אַ ברוגז'דיגען טאן.

---

31.

## הערשיל עסט פאר זיין געלד.

הערשיל קומט אַמאָל אין אַ קרעטשמע הונגעריג ווי אַ וואלף און פרעגט
דעם קרעטשמער אויב מען גיט דא אומזיסט עסען.

— ניין, ענטפערט דער קרעטשמער. דא עסט איטליכער פאר זיין געלד.

— זייט עדות ליעבע יודען, ווענדעט זיך הערשיל צו די איבעריגע אורחים

פון קרעטשמע, דער קרעטשמער זאָגט מיר צו אַז נאָר פאַר מיין געלד קאָן איך דא עסען. נו, בעל־הבית! גיט נאָר אַהער אַביסעל בראנפען מיט אַ גוטען בארשטש מיט קאַשע.

דער קרעטשמער האט איהם דערלאַנגט וואס ער האט געהייסען.

הערשיל האט אריינגעשטעלט דעם בארשט מיט קאשע, האט נאכדעם זיך געהייסען דערלאנגען אַ שטיקעל גענזינס, נאכדעם האט ער זיך געהייסען מאכען ווארעניקעס און האט פערטרונקען מיט אַ גוט גלעזיל וויין.

נאכדעם אלעס נעהמט הערשיל ארויס אַ גרויסען פיאטאק (3 גראָשען) פון זיין קעשענע און דערלאנגט עס דעם קרעטשמער.

דער קרעטשמער קוקט איהם אָן גאנץ פערוויאונדערט.

— וואס גיט איהר מיר עפעס אַ פיאטאק? פרעגט ער ענדליך.

— דאָס בעצאָהל איך אייך, זאגט הערשיל, פאר דעם בראנפען, פאר דעם באָרשטש מיט קאשע, פאר דעם גענזינס, פאר די ווארעניקעס און פאר דעם וויין.

— וואס זשע איהר מאכט חוזק פון מיר? דאס איז דאך אַ פיאטאק?!

— איך וויים אויך וואס דאס איז, ענטפערט הערשיל. נאָר איהר אַליין האט דאך פאר עדות מיר געזאָגט, אז דא עסט איטליכער פאר זיין געלד און איך שוואָר אייך ביי מיין הן, אַז מעהר ווי די דריי גראשען מיין אייגענס האב איך ניט. אַ גוטען טאג!

און ער איז אַ וועקגעגאנגען.

---

32.

## ביים עסען קלייבט מען ניט איבער.

הערשיל זיצט אַמאָל אין אַכסניה זעהר פערשמאכט. אין דעם זיינען אהין אָנגעקומען אַ חברה מחותנים פון נאָך אַ חתונה און האבען געהייסען דער בעל־הבית׳טע זי זאָל מאכען אַ גוטע וועטשערע פאר זיי.

דאס עסען איז פארטיג געווארען און דער עולם האט זיך איסגעזעצט ביי די טישען און האט אייך אָן הערש׳ען ניט פארגעסען.

— אין מיטען דעם עסען רופט זיך הערשיל אָן צו זיי:

— רבותי! ווער קאָן זיך מיט מיר פארוועטען אין עסען? איך נעהם זיך אונטער מיט נאָך איינעם אייפצועסען אַ גאנצען זאק קארטאפלעס מיט שמאַלץ!

ער נארט אָב! שרייען אַלע, דאס איז ניט מעגליך.

ווער? איך נאר אָב? פרעגט הערשיל, שטעלט איין 10 ר. וועט איהר זעהן וי איך מיט נאך איינעם עסען מיר אויף אַ זעקיל אָבגעקאכטע קארטאפלעס מיט שמאַלץ.

— מיר שבעלען אין! זאָגט דער עולם נאָר אויב די מיינסט אז איי־
נער פון אונז ויעט צו דיר צושטעהן פאר א שותף צום עסען, האסטו א טעות.

— נישט־קשה, איך יועל שוין געפינען א שותף.

דער עולם האט איינגעלייגט 10 רובל ביים בעל אכסניה און האבען
איהם געהייסען צוגרייטען א זעקיל אָבגעקאכטע קארטאפלעס מיט שמאַלץ.

אין אַ פּאָר שעה איז דער מאכל פארטיג געווארען און דער בעל אכסניה
האָט עס הערשלען דערלאַנגט אין אַ גרויסען קעסעל אויף דעם טיש.

הערשיל האט געוואַרט ביז די קאַרטאָפ־עס האבען זיך אויסגעקיהלט.
נאכדעם איז ער אַרויסגעגאנגען אין הויף און האט זיך באלד צוריק אומגע־
קעהרט מיט אַ גרויסען חזיר אויף די הענד.

— אַט איז מיין שותף וואס וועט מיר העלפען עסען, זאגט ער צום
עולם. ווייזענדיג אויף דעם חזיר וועלכער דערשמעקענדיג נאָר דעם ריח פון
די קאַרטאפלעס, האט ער זיך שוין געריסען צום קעסעל.

דער עולם איז ערשטוינט געווארען פון הערשילס איינפאל.

— מיר גלויבען דיר, האבען די מענשען געזאגט. ביי אונז איז מעהר קיין
ספק ניט, אַז פאר אייך ביידע וועט נאָך וועניג זיין דער קעסעל מיט די קארטאפעל.

— הייסט עס, האב איך געוואונען די 10 רובל.

— ניין, הערשיל, אַ חזיר קאָן דען זיין אַ שותף צו דיר?

— ביים עסען קלייבט מען ניט איבער, ענטפערט הערשיל און ווידער: איך
האב דאך אייך ניט געזאָגט ווער עס וועט זיין מיין שותף, דארום האב איך געוואונען.

דער עולם האט איהם אָבגעגעבען די 10 רובל און הערשיל איז אַרויס
פון דער אכסניה זאט און נאך מיט 10 רובל אין קעשענע.

---

33.

## הערשעל ביי אגוסס.

מען האָט הערשלען אַמאָל געריפען צו אַ קארגען גביר וועלכער האט
שוין געהאלטען ביי דער גסיסה און הערשעל איז געקומען וידוי זאָגען מיט
איהם. זעהט ער ווי דער חולה קרעכצט זעהר ביטער און לאזט אַלע מאָל
אַרויס שיוערע זיפצען.

— וואס קרעכצט איהר אזוי פרעגט איהם הערשיל, שטארבען מוז דאך
יעדער מענש און אייביג לעבט ניט קיינער.

— אך, מיין ליעבער יוד; ענטפערט דער חולה. איך קרעכץ ניט

דערויף וואָס איך דארף שטאַרבען, נאָר מיר איז אַ גרויסער וועהטאג וואָס איך געה אין דער ערד אַריין אז מיין גאלד און זילבער בלייבט דא איבער.

— גלויבט זשע מיר, זאָגט הערשיל, אַז פאר אייער גאלד און זילבער איז אַסך גלייכער וואס עס בלייבט דא איבער, ווארום דארט וואוהין איהר געהט באַלד אַוועק, איז אַזוי שטאַרק היים, אַז דאס גאלד וואלט באַלד צושמאָלצען געווארען...

## 34.

## הערשיל פערליהרט זיך ניט.

הערשיל קומט אַמאָל אַריין אין קלויז מיט אַ צודראפּעטען נאָז. ער האָט זיך אין דער היים געקריגט מיט דער וויבּ, האָט זי איהם מסתמא די נאָז צודראַפּעט.

— ווי קומט עס, הערשיל, פרעגט מען איהם וואָס דיין נאָז איז צודראַפּעט?

— איך האָב זיך אַליין אַ ביס געטהאָן אין דער נאָז ענטפערט ער.

— סטייטש! ווי אַזוי האסטו געקענט דערלאַנגען?

— איך האָב מיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ ביינקעל, ענטפערט ער קורץ.

## 35.

## הערשיל פסק׳נט שאלות.

I.

הערשיל קומט אַמאָל אַריין צום רב אין שטוב, טרעפט ער איהם שלאָפען אין דעם צווייטען חדר און אין דעם ערשטען חדר איז אויף דער קאַנאַפּע געלעגען דעם רב׳ס חאלאט מיט דער יאַרמילקע. הערשיל טראַכט ניט לאַנג און טהוט זיך אָן אין דעם רב׳ס קליידער זעצט זיך ביים טיש און פערטיעפט זיך אין אַ ספר...

עס עפענט זיך די טהיר, עס קומט אַריין אַ בעל-עגלה מיט דער בייטש אין דער האַנד און ווענדעט זיך צו איהם:

— רבי! אַז איך האָב שבת אָבגעזאָגט גאַנץ תהילים, האָב איך נאָך געדאַרפט זאָגען ברכי נפשי אויך?

— באַרעבען זיך נאָר, ענטפערט דער פארשטעלטער רב, דו ביזט שוין, דאַכט זיך, דרייסיג יאָהר אַ בעל-עגלה און דו ביזט נאָך אַלץ אַ פּריץ! אַז דו פיהרסט אַ שטייגער אַ גאַנצען וואגען מיט סמאָלע, דאַרפסט דו דען ניט שמירען די רעדער?

II.

א יורענע קומט נאָכדעם אריין צו איהם מיט א הילצערנעם לעפעל אין דער האַנד.

— רבי, זאָגט זי, אַט דער לעפעל איז אַ מילכיגער און איך האב שיער ניט אויסגעמישט מיט איהם אַ פליישיגען בארשט, איז שוין טריפה דער לע־פעל צו ניין?

— אָבער האסט נאָך ניט אויסגעמישט?

— ניין, איך האָב נאָר געוואלט דאס טאהן אין האב זיך פערחאפּט

— דאס ערשטע מאָל בין איך דיר מוחל — ענטפערט הערשעל — נאָר אז עס וועט זיך מיט דיר טרעפען נאך אמאל אזא מעשה, וועל איך שוין טריפה מאכען דעם לעפעל מיט דעם עסען.

— ניין, ניין, רבי׳ניו! שרייט דאס ווייבעל, איך וועל עס שוין מעהר ניט טהון.

III.

א פערפלאמטער חסיד לויפט אריין אין שטוב און שרייט:

— רבי, געציל דער חקרן לאכט פון אונזער רבין!

— טרייב איהם ארויס! ענטפערט הערשיל.

— ער שטעהט דאך אבער אין דרויסען?

— נו, נעהם איהם אריין אין שטוב און טרייב איהם ארויס.

---

37.

## הערשיל לויבט א חתן.

מען האט אמאל זיך אָנגעפרעגט ביי הערשל׳ען אויף א קארגען חתן, יעלבער האט זיך געהייסען געבען זעהר פיעל נדן. האט הערשיל געענטפערט: אז איהם קומט טאקע א סך נדן איבער פיעל מעלות, אמאל האט א פערד גע־פלעגט קאסטען 20 רובל קאסט היינט איבער 100 רובל, א חזיר וואס פלעגט קאסטען 5 רובל קאסט היינט 20 רובל און א בחור וואס פלעגט נעהמען 200 גילדען נדן נעהמט היינט 2000 רובל נדן, היינט אז ער איז א חזיר איינער אין דער מדינה און א פערד איז זיין גלייכען ניטא און דערצו א חתן אויך, טא וויפיעל איז ער היינט ווערט צו נעהמען נדן?

---

37.

## הערשיל דערקענט מענשען.

הערשיל געהט אין גאס פערטראכט, פלוצים לויפט ער צו צו א מענ־שען פון דער גאס שטופט איהם אריין די האנד אין שרייט אויס מיט שמחה:

— א! וואס מאכט איהר ר׳ טאָדרעס? שוין א צייט אז איך האב אייך ניט געזעהן! איהר האט זיך אזוי איבערגעביטען אין דער צייט אז איך האב אייך קיים דערקענט.

— איהר האט א טעות, מיין ליעבער יוד, איך הייס גאר יאנקעל, ניט טאָדרעס.

— אך! — וואונדערט זיך הערשיל ווייטער — ווי אזוי א מענש בייט זיך דאס איבער! אפילו דער נאמען אייערער האט זיך שוין אויך פערביטען.

38.

## הערשיל און חייקעל חקרן.

חייקעל חקרן: זאג מיר הערשיל, יוען כדומה, למשל, א שטיינער, עס זאל ווערען אזא מין שינוי (ענדערונג) אין דער נאטור, אז די זון זאָל אָנ־הויבען שיינען ביינאכט, וואס וואָלסטו דערויף געזאָגט?

הערשיל: איך וואָלט געזאגט אז דאס איז די לבנה.

חייקעל: ווען מען זאל דיר אבער אויפקלעהרען אז דאס איז נאר די זון?

הערשיל: וואלט איך יענעם זאגען אז ער איז א ליגנער!

חייקעל: נאר מין קעסט דו דאך ניט פאר קיין ליגנער און אז איך אליין וואָלט דיר זאָגען אז דאָס איז די זון, וואָס וואָלסטו מיר דע־רויף געענטפערט?

הערשיל: איך וואָלט געענטפערט, אז דו ביזט משוגע!

39.

## פארטזעטצונג.

הערשיל טרעפט אמאָל זיין חבר חייקלען ווי ער וואשט זיך מיט בראנ־פען דעם קאפ.

— וואָס איז דאס פאר א שגעון — פרעגט ער איהם — וואס מיט בראנפען וואשט דו זיך דעם קאפ?

— איך האב דערקלערט מיט מיין חקירה, ענטפערט חייקעל חקרן, אז דאס איז א סגולה די האר זאל וואקסען.

— עט, גלויב דאס ניט! זאגט הערשיל, ווען דאס זאל טאקע אייז אמת זיין, וואלט אין גארגעל ביי מיר שוין לאנג אויסגעוואקסען א באָרד אויף עטליכע ארשין.

40.

## הערשיל דערצעהלט די וואונדער פון אויסלאנד.

ווען הערשיל איז א צייט ניט געווען אין אָסטראָפאָליע און נאכדעם האט ער זיך ווירער בעוויזען, פרעגט מען איהם וואו איז ער דאס אזוי לאנג געווען?

— איך בין געווען עט וייט אין אויס־אנד. אזש אין לאנדאן.

— אזוי? אין לאנדאן ביזטו געווען? פרעגט איהם איבער חייקער חקרן — זאג זשע מיר. איך בעט דיך, איז עס אמת וואס מען דערצעהלט, אז אין לאנדאן איז שטענדיג טומאנען?

— אָט הער אויס וואס מיט מיר האט זיך געטראפען! ענטפערט הערשיל, שבת בייטאָג געה איך מיר שפאצירען אין די לאנדאנער גאסען און מיר איז שטארק פינסטער אין די אויגען פון די טומאנען, אז איך מוז טאפען דעם וועג. דערווייל דארף איך זיך אָפּוויישען די נאָז נאר פון גרויס פינסטערניש האב איך נישט געקאָנט טרעפען צו מיין אייגענער נאָז און האב א פרעמדען מענשען אָבגעווישט דעם שטערען.

---

41.

## הערשיל פאַר דעם טוידט.

קיין מענש לעבט ניט אייביג, שטארבען מוז יעדער, אויף איטליכען קומט זיין צייט, און אויף אינזער הערשלען איז געקומען די צייט צו שטארבען.

ער ליגט אין בעט, ווידוי האט ער שוין לאנג אָבגעזאגט, יעצט ווארט ער נאר אויף דעם מלאך־המות. ער זאל ארייננעהמען דעם חלף פון דער שייד און זאל איהם קוילען. נעבען הערשלען זיצט דאס ווייב און וויינט. צי וויינט זי דערפאר וואס ער שטארבט אצינד, אָדער ווייל ער איז שוין לאנג ניט געשטארבען, ווייס איך ניט.

פלוצים ריפט זיך הערשיל צו דער ווייב.

— מיין ליעב ווייב! טיה מיר מיין בקשה אין דער לעצטער מינוט פון מיין לעבען, וואש זיך ארום און פוטץ זיך אויס אין דיינע יום־טוב'דיגע קליידער.

די בקשה פון אַ גוסס איז הייליג ביי יעדען מענשען, דארום האט הערשילס ווייב ניט איבערגערעדט דאס אנדערע וואר טאון, האט תיכף ערפילט דעם מאנס בקשה.

ווי הערשיל האט זי דערזעהן שעהן אויסגעפוצט, נעהמט ער זי אָן ביי דער האנד און רופט זיך ווי צו אימיצען אָפּ: „נו זאג מלאך המות! איז דען מיין ווייב ניט שעהנער פון מיר? צו וואס זשע דארפסטו מיך? נעהם בעסער איהר צו!...

---

42.

## הערשיל ביי א קארגען גביר.

הערשלען איז אַמאָל אויסגעקומען צו עסען שבת ביי א קארגען גביר, וועלבער האט געמוזט נעהמען א אורח צו זיך פשוט פאר בושה, ווייל דער גבאי פון שיל איז אליין צוגעשטאנען צו איהם. מען דערלאנגט פיש נעהמט דער גביר דאס קלענסטע פישיל און גיט עס הערשלען אויף א טעלער און אליין מיט זיין פאמיליע עסט ער די בעסטע פיש. הערשיל לייגט צו דעם אויער צום פישיל.

— אנטקעגען וואס טהוט איהר עס? פרעגט איהם דער גביר.

— איך הער זיך צו, וואס דאס פישיל זאגט מיר, ענטפערט הערשיל.

— וואס זשע זאגט עס אייך?

— עס דערצעהלט מיר, ענטפערט הערשיל, אז עס איז שוין זעהר לאַנג פון טייך.

דער גביר שמייכעלט צו און גיט שיין הערשלען אַ גרעסער שטיקעל פיש. מען דערלאנגט די יויך. דער גביר נעהמט זיך אַראָפּ אין אַ טעלער די אויבערשטע יויך און זאָגט דערביי אַ פסוק: אדם קרוב לעצמו; נאכדעם נעהמט ער אַראָפּ פון דער שיסעל פאר דער ווייב און זאגט ווידער א פסוק: אהבתי את אשתי; נאכדעם גיסט ער אָפּ יוך פאר די קינדער און זאגט ווידער אפסוק: אהבתי את בני; אז אין שיסעל האט זיך אָפּגעשטעלט נאר אביסעל אונטערשטע וואסער, גיט ער עס אַוועק הערשלען און הייסט איהם אויך זאגען אַ פסוק. הערשיל שטעלט זיך אויף, נעהמט די שיסער מיטביידע הענד און זאגענדיג אין דער הויך דעם פסוק: וזרקתי עליכם מים טהורים גיסט ער זיי אַלע אָפּ און אַנטלויפט.

---

## 43.

## הערשיל אסטראפאליער שרעקט איבער דעם רבין.

אין אַ ווינטערדיגע נאכט ווען אין קלויז איז שוין געווען אויסגעלאשען אלע ליכט איז הערשיל געשלאפען אויף דער באנק. דערווייל איז אַהין אריינגעקומען דער רבי ר' ברוך'ל. נאָר אַזוי ווי עס איז געווען פינסטער האט ער פינקט נעטראפען צו הערשלען. — ווער איז דא? פרעגט דער רבי — איך, הערשיל אָסטראָפּאָליער! — ענטפערט הערשיל און געהט אַוועק פון דער באנק צום בארעמער. דער רבי איז דערווייל צוגעקומען צום בארעמער און טרעפט ווידער גלייך צו הערשלען.

— ווער איז דא? — פרעגט ער ווייטער — איך, הערשיל אָסטראָפּאָליער! — ענטפערט הערשיל און טראגט זיך אָפּ צום עמוד. דער רבי געהט ווייטער און קומט גלייך צו צום עמוד און שלאָגט זיך ווידער אָן אין הערשלען. און ווער איז דא? פרעגט ווייטער דער רבי. איך, הערשיל אָסטראָפּאָליער בין עס, ענטפערט הערשיל ווייטער. דער רבי הויבט אויף ביידע הענד אין דער הויך און שרייט אויס פערוואונדערט. רבונו־של־עולם! עפעס אַ פולער קלויז מיט הערשיל אָסטראָפּאָליערס

---

## 44.

## הערשיל ווינטשעוועט.

הערשיל האט אַמאָל צוגעווינטשעוועט אַ אָרעמען ישיבה־בחור אַז גאָט זאָל איהם צו שיקען אַ כלה מיט דריי מעלות, זי זאָל זיין שעהן, רייך און משוגע.

צו וואָס זשע ר' הערש זאָל זי נאר זיין משוגע? פרעגט איהם דער ישיבה־בחור.

שוטה איינער! ענטפערט איהם הערשיל, אַז זי וועט זיין שעהן און רייך און וועט דיך נעהמן איז זי דאך משוגע.

ע נ ד ע.

# צווייטער טייל

45.

איין מאָל איז דער פריה איז שוין געווען צייט חמץ צו פאַרברענען און דער רב ר' ברוכ'ל האָט זיך זעהר פאַרטראַכט וועגן אָרימע לייט וואָס עס איז דאָ וויניג מעות חיטים און די חסידים האָבען ניט געהאַט דעם עזות צו זאָגען רבי עס איז שוין צייט צו דאַוונען.

דערווייל איז אָנגעקומען דער גבאי ר' הערשיל האָבען זיי איהם דערצעהלט, אַז דער רבי האָט זיך פאַר'דבקה'ט און נאָך ניט געדאַוועגט און עס איז שוין אַזוי שפּעט.

האָט ער זיי געזאָגט, אַז עס וועט זיין רעכט.

ער איז גלייך אַריין צום רבי'ן און געזאָגט:

— רבי, איך האָב איבערגעלייגט דעם קאַסטען און האָב געפונען די כתובה פאַר'חתמ'עט מיט זויערטייג, פרעג איך אייך צי מעג איך וואוינען מיט מיין ווייב צי ניין. פּילייכט ניט, האָב איך קיין מלכה ניט און עס איז שוין אַזוי שפּעט, עס איז שוין צייט דאָס חמץ צו פאַרברענען און דאַוונען געווים. דאַמאַלס האָט זיך דער רבי דערמאָנט.

ווען ניט הערשעלע, ווער ווייסט צו וואָס עס וואָלט געקומען.

46.

איין מאָל איז געקומען ערב פּסח און ער האָט ניט געהאַט אפילו על מזון סעודה אחת. פרעגען איהם אַלע חסידים, ר' הערשעלע, איהר האָט שוין אויף פּסח? זאָגט ער איין האַלבען פּסח האָב איך שוין אין שטוב און דאָס איבריגע וועט גאָט באַשערען.

זיי האָבען דאָך אָבער געוואוסט, אַז ער איז אַ גרויסער קבצן, איז דאָס ביי זיי געווען אַ וואונדער — וואו האָט ער דאָס גענומען?

האָט ער זיי געענטפערט: עס זאָל אייך ניט זיין קיין וואונדער, וואָרים אין וואָס באַשטעהט דער פּסח, אויסראַמען חמץ און אַריינגעהמען מצה, האָב איך שוין דעם חמץ לאַנג אויסגעראַמט און מצה וועט גאָט באַשערען.

.47

איין מאָל ערב פּסח איז הערשעל אַוועקגעגאַנגען צו דער חברה קדישא און האָט אַנגעהויבען צו וויינען, אַז די ווייב איז איהם געשטאָרבען און ער האָט ניט אויף תכריכים.

די חברה קדישא האָט איהם געגעבען אַ פּאָר רובעל ער זאָל געהן נעהמען תכריכים און האָבען איהם צוגעזאָגט, אַז שפּעטער מיט צוויי שעה וועלען זיי קומען איהר צונעהמען.

ר׳ הערשעל האָט צוגענומען די פּאָר רובעל און איז געגאַנגען און האָט געקויפט מצות.

אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען אָנגעקומען די חברה קדישא איהר צונעהמען. זעהען זיי ווי זי געהט אַרום און שמירט אויס די שטוב אויף פּסח.

פרעגען זיי: הערשעל, וואָס איז דאָס?

ענטפערט ער: איך האָב דאָס נאָר גענומען האַנד געלט ביי אייך און האָב פאַרביטען פון תכריכים אויף מצות, נאָר איך זאָג אייך צו אויף מיין וואָרט, אַז זי איז אייערע און איך וועל זי שוין אין ערגעץ ניט אַוועקפיהרען. אויב איהר האָט נאָך אַ פּאָר גילדען, מעגט איהר נאָך געבען וועל איך אויך זיין אייערער, וואָרים אַז אַרימאַן און אַ מת איז גלייך.

.48

דער רבי ר׳ ברוכ׳ל איז אַמאָל אַוועק געגאַנגען און האָט זיך פאַרזאַמט. דערווייל זעהט הערשעלע דורך דעם פענצטער ווי אַ אידענע לויפט און שרייט פריהער גאָט און דערנאָך דער רבי וועט ראַטעווען מיין קינד. ער האָט גיך געכאַפּט דעם רבינס שטריימעל מיט אַ חאַלאַט און האָט זיך אָנגעטאָן און האָט גענומען אַ ספר אין דער האַנד און האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דעם רבינס שטוהל.

די אידענע קומט אַריין פאַרוויינט און שרייט: רבי, ראַטעוועט מיין טאָכ־טער, זי געהט שוין צוויי טעג צו קינד!

הערשיל האָט זיך קיין סך ניט געלאָזט טענה׳ן, ער האָט גענומען אַ קאָפּיקע פון קעשענע און זאָגט: דאָס זאָלט איהר צולייגען אייער טאָכטער צום נאָפּעל וועט זי באַלד מוליד זיין.

מיט א טאג שפעטער קומט די אידענע און ברענגט דעם רבין א פדיון א פאר הינער, ווייל זי האט געהאנדעלט מיט הענער און הינער.

דער רבי האט געמאכט א שוויג.

ווען די אידענע איז ארויסגעגאנגען, פרעגט דער רבי: הערשעלע, זאג מיר דעם אמת, וואס פאר א סגולה האסטו געטאן צו דעם? זאגט ער: איך האב איהר געגעבען א קאפיקע זי זאל דאס צולייגען צום נאפעל און נאך א קאפיקע לויפט יעדער ארימאן, איז ער אויך געלאפען נאך דער קאפיקע.



ווען ער איז געגאנגען איבער דער וועלט, איז ער אמאל געקומען אין א קרעטשמע. קאלט איז איהם געווען און הונגעריג איז ער אויך געווען און דער בעה"ב איז ניט געווען אין דער היים, בעט ער עפעס עסען.

זאגט צו איהם די בעל הבית'טע: גלויבט מיר איך האב אייך ניט וואס צו געבען. ער האט פארשטאנען, אז מען האט יא געקאכט וועטשערע. בעט ער זיך ביי איהר זי זאל איהם כאטש לאזען לייגען זיך שלאפען אויף דעם אויווען, ווייל עס איז איהם זעהר קאלט.

די בעל הבית'טע האט איהם געלאזען, ווייל זי האט געזעהן, אז זי וועט זיך פון איהם ניט אפטשעפען, גם האט זי געוואלט אז ער זאל גיך אנטשלאפען ווערען.

אז ער איז געווען אויף דעם אויווען האט איהם פארשמעקט, גלייך ווי ער וואלט געטראפען אז אינעווייניג שטעהט א טאפ מיט קרעפליך.

זאגט ער: איך בעט אייך, וואס איז דאס דער אויווען אזוי הייס? אפנים אז איהר האט געמוזט עפעס קאכען.

די בעל הבית'טע שווערט זיך אויף איהרע נאמנות, אז זי האט גאר ניט געקאכט, נאר זי וואשט גרעט, האט זי אריינגעשטעלט אין אויווען עס זאל זיך אויספארען. פון א סימן ווענען האט זי זיך כלומר'שט געלייגט שלאפען מיט די קינדער און האט פארלאשען דעם לאמפ און האט צוגעמאכט די ספאלנע.

ער איז אראפ פון דעם אויווען און האט ארויסגענומען דעם טאפ מיט קרעפלעך, האט איהם אויסגעליידיגט און האט אויסגעטאן זיינע א פאר שווארצע גאטקעס און האט אריינגעלייגט אין טאפ. אום ניט צו דערקענען האט ער פון אויבען אנידערגעלייגט פינף קרעפלעך און האט צוגעמאכט דעם אויווען גלייך ווי עס וואלט גאר ניט געווען.

דערווייל איז געקומען דער בעל הבית פון דעם פריץ וואס ער האלט פון איהם די ארענדע, און קלאפט אן אין טיר.

זי איז גיך געלאפען און האט איהם געעפענט, און זאגט צו איהם: מאך ניט קיין קולות, עפעס אן ארימאן א שלעפער האט זיך איינגעבעטען שלאפען אויף דעם אויווען.

זאגט דער מאן: אלעס איז רעכט, עס איז שוין שפעט, גיב מיר עפעס עסען און איך וועל זיך לייגען אפרוהען.

זי האט איהם געגרייט צום טיש און טראגט אריין דעם טעפעל מיט די קרעפלעך און קעהרט דאס איבער אין שיסעל, איז ארייגעפאלען א פאר גאטקעס אין שיסעל.

— וואס קען דאס זיין? — האט דער מאן אנגעהויבען צו שרייען.

אלע זיינען גלייך אויפגעשטאנען. הערשיל איז אויך אראפ זעהן וואס דאס איז. אין דעם האט ער דערקענט, אז דאס זיינען זיינע גאטקעס. פרעגט מען איהם: צי וואס האט איהר דאס געטאן?

זאגט ער: איך וויים, די בעל הבית׳טע האט געזאגט, אז זי וואשט גרעט וויל איך זי זאל מיינע גאטקעס אויך אויסוואשען, זי זאל נאך זיין א גוטע, וואלט איך איהר געגעבען א העמד אויך אויסצוואשען.

אויף מארגען זיינען אנגעקומען א סך מענשען און האבען דערקענט הער־שעלען, פרעגען זיי איהם: וואס טהוט איהר דא? האט ער דערצעהלט אלעמען די מעשה. אלע האבען געלאכט און חוזק געמאכט.

.50

איין מאל זאגט צו איהם אן עושר: הערשעל, זאג מיר א ליגען ניט גע־טראכט, גיב איך דיר א רובעל. זאגט הערשעל: איהר האט דאך געזאגט, אז איהר גיט מיר צוויי רובעל.

.51

איין מאל איז ער אריין אין א געוועלב און הייסט מען זאל איהם אפרייסען ריפם אויף א קאפאטע. ער כאפט דעם ריפס און לויפט אוועק. מען יאגט איהם נאך און ער לויפט. ביז ער איז געקומען צווישען א סך באקאנטע. פרעגט מען איהם: ר׳ הערשעל, וואס האט איהר דאס געטאן? זאגט ער: איהר זעהט דאך, איך געה נאקעט און וואס מען רייסט ניט אפ מיט געוואלד דאס האט מען ניט.

די מענשען האבען געמאכט צווישען זיך א נדבה און האבען באצאהלט פאר'ן ריפס.

.52

איין מאל זיינען ביינאכט אריין גנבים צו איהם אין שטוב. זיי זוכען אויף דער ערד, זיי טאפען אויף די ווענט טאמער הענגען מלבושים אדער לייכטער. עס איז אבער גאר ניט צו געפינען.

זיין ווייב האט דערהערט, וועקט זי איהם שטילערהייד: הערשעל, דו הערסט, גנבים זיינען דא. זאגט הערשעל: שווייג שטיל, אויף מיר פלאמט דער פנים, זיי האבען נעבעך ניט וואס צו נעהמען און דו שרייסט נאך און עס ארט דיך גאר ניט!

.53

איין מאל איז ער געקומען לבארדיטשעוו, האט ער געהערט, אז א גרויסער גביר מאכט חתונה א זוהן קיין זיטאמיר, זיינען מיט איהם מיטגעפאהרען א סך נגידים. הערשיל איז געקומען און בעט זיך אויך פאהרען אויף דער חתונה, ווייל עס זיינען דארט געווען א סך נגידים וואס האבען געקענט הערשלען פאר א פרעהליכען מענשען, נאר דער מחותן האט בשום אופן ניט געוואלט איהם מיט־נעהמען. טראכט ער ביי זיך, איך דארף עפעס מאכען, אז דער מחותן זאל מיך האבען צו געדענקען. איך הייס דאך עפעס הערשעל פון אסטראפאליע!

די מחותנים זיינען אוועקגעפאהרען און ער האט זיך געלאזט געהן מיט די דערפער אויף דעם וועג ווי מען געהט נאך זיטאמיר. דערווייל איז ער גע־קומען אין א דארף צו א איד א שניידער. דער שניידער איז ניט געווען אין דער היים. אז ער איז אריין אין שטוב, האט ער געטראפען דעם שניידערס ווייב זיצט און וויינט, ביי איהר איז לא עלינו א קינד געשטארבען און זי וויים ניט וואס צו טאן מיט דעם און קען זיך קיין עצה ניט געבען.

זאגט הערשיל צו איהר: איך וועל אייך אן עצה געבען. איהר גיט מיר דאס קינד, דא ניט ווייט איז דא א שטעדטעל קאטניע, איך וועל דאס דארטען אוועקטראגען וועט מען דעם קינד מקבר זיין כדת משה וישראל.

זי האט איהם געדאנקט און געגעבען אויף הוצאות.

ער איז געקומען אין א דארף וואס דארט געהט דער וועג פון זיטאמיר קיין

קאַטניע, אין דעם דאַרף האָט ער געוואוסט, אַז זיי מוזען דורכפאָהרען, ווייל ער האָט געהערט אויפ׳ן וועג, אַז זיי זיינען שוין אַרויסגעפאָהרען פון זיטאָמיר.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קרעטשמע וואַרטען ביז זיי וועלען דורכ־פאָהרען.

אין אַ קליינער צייט אַרום זעהט ער ווי זיי פאָהרען. ער איז אַרויס אַנט־קעגען זיי און געהט צו גלייך צום מחותן און בעט זיך ביי איהם ער זאָל איהם מיטנעהמען זיין קלומיקעל אונטערפיהרען קיין באַרדיטשעוו.

דער מחותן האָט שוין ניט געוואָלט זיין אַזוי שלעכט, אָפּזאָגען איהם אַזאַ קלייניגקייט. נאָר דאָס איינע בעט איך פון אייך, זאָגט הערשעלע, מען זאָל זיך ניט זעצען אויף דעם קלומיקעל, וואָרים איך בין געווען דאָ ניט ווייט אויף אַ חתונה האָט מען מיר געגעבען צוויי עופות געבראָטענע מיט אַ סך לעקאַך, פיהר איך דאָס מיין ווייב אַ מתנה.

דער מחותן האָט דאָס איהם צוגעזאָגט און זיי זיינען אַוועקגעפאָהרען. געוואוסט האָט ער, אַז זיי דאַרפען זיך שטעלען אין באַרדניע פּאַסען די פערד. ער האָט געכאַפּט אַ פוהרעל און איז אויך אַנגעקומען קיין באַרדניע און האָט געזעהן ווי זייערע פוהרען שטעהען אין דרויסען און די פערד פּאַסען זיך. אַלע קלומקעס האָט מען אַריינגענומען און מען פרעגט עפּעס עסען.

זאָגט די בעל הבית׳טע זי וועט ערשט צושטעלען קאָכען. זיי האָבען גע־נומען צו בּוסלעך בראַנפען און צו פאַרבייסען איז ניט געווען וואָס. איז געבלי־בען ביי אַלעמען אַ הסכם מ׳זאָל געהן צו הערשעל׳ס קלומיקעל, מ׳זאָל איהם אָנ...

מען עפענט דאָס קלומיקעל, מען האָט אויפגעוויקעלט, אויף דעם אָרט וואָס זיי האָבען גערעכענט צו געפינען צוויי עופות געבראָטענע, האָבען זיי געפונען אַ טויט קינד.

זיי זיינען אַלע שטאַרק דערשראָקען געוואָרען און האָבען מורא געהאַט פאַר אַ בלבול, האָבען זיי געשיקט דעם משרת ער זאָל רופען חברה קדישא מען זאָל צונעהמען דאָס קינד.

הערשעלע האָט דאָס אָבער פריהער בעוואָרענט און ער איז געקומען צו חברה קדישא און האָט זיי געזאָגט: איהר זאָלט וויסען, אַז דאָ פאָהרען גרויסע גבירים פון אַ חתונה און זיי פיהרען מיט אַ טויט קינד, עס איז אַ סברא, אַז עס איז אַ ממזר. טאָמער וועט מען קומען צו אייך, זאָלט איהר וויסען וואָס איהר האָט

צו טאָן. בקיצור די מעשה איז אַזוי געווען: די חברה קדישא האָבען גענומען צוויי הונדערט רובעל און האָבען מקבר געווען דאָס קינד און די מחותנים זיינען זיך אוועקגעפאָהרען.

אַז הערשיל איז געקומען קיין באַרדיטשעוו האָט ער פאַר אַלעמען דערצעהלט די מעשה און האָט געזאָגט, אַז מען וויל ניט געבען יעקב'ן מוז מען געבען עשו'ן.

54.

איין מאָל איז געקומען צו איהם אַ בעל חוב וואָס ער האָט געליהען ביי איהם מזומן געלד פופציג רובעל, ווען ער האָט געדאַרפט אַ קינד חתונה מאַכען און האָט איהם ניט געהאַט אָפּצוגעבען. זאָגט ער צום בעל חוב:

— ווען דו גיסט מיר נאָך צוויי רובעל, האָב איך אַ פּלאַן ווי איך קען דיר דעם חוב אָפּגעבען און מיר זאָל נאָך אויך עפּעס בלייבען.

האָט ער איהם געגעבען צוויי רובעל, ווייל ער האָט געוואָלט זעהן וואָס פאַר אַ פּלאַן ער האָט און ער האָט איהם געשוואָרען, אַז ער וועט זיי אין קעשענע ניט אַריינלייגען.

— הכלל, לאָמיך שוין זעהן, זאָגט דער בעל חוב, וואָס דו וועסט טאָן מיט די צוויי רובעל?

זאָגט ער צו איהם: קומט מיט מיר.

ער איז מיט איהם געגאַנגען אויף דעם מאַרק טאָרג און האָט געקויפט פינף הינער. זעהסטו די פינף הינער וועלען לייגען אייער, יעדער הון צו דרייסיג, בס"ה הונדערט פופציג אייער. די הינער וועל איך איבערזעצען אויף די אייער וועלען זיי אויספיהרען הינדלעך. אַזוי לאַנג וועט עס געהן ביז איך וועל אויסהאָדעווען אַ סך הינער, וועל איך פאַרקויפען די הינער און וועל דיר באַצאָהלען דיין חוב. דער בעל הבית האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו לאַכען.

זאָגט הערשעלע: איאַ דו לאַכסט שוין ווייל איך האָב דיר געסיליקט, וואָס וועלען טאָן די איבעריגע בעלי חובות?

55

## פון ראש חודש אויף יום טוב

איין מאָל פאָהרט ער מיט חסידים אויף אַ חתונה. זיי זיינען געקומען אין אַ קרעטשמע זעהר פרעהליך און האָבען געמאַכט אַ מנין און האָבען געשטעלט הערשעלען פאַר אַ בעל תפלה. עס איז געקומען אין דער הויכער שמונה עשרה

נאך רצה האבען זיי געגעבען א קלאפּ אין טיש ער זאל זאגען יעלה ויבא. גע־וואוסט האט ער, אז היינט איז ערב ראש חודש, נאר פיליכט האט ער א טעות. אז אלע שרייען ראש חודש האט ער געזאגט יעלה ויבא. נאך דעם האט ער געוואלט זאגען „הלל“, האבען זיי איהם ניט געלאזען, זיי האבען זיך זעהר צו־לאכט פון איהם. איז געבליבען, אז נאך דעם דאווענען זאל ער געבען תיקון.

ער טראכט: עס וועט אייך טייערער קאסטען, איך הייס דאך עפּעס הערשיל.

זיי זיינען אוועקגעפאהרען און זיינען געקומען זייגער צוויי נאך האלב־טאג צו א קרעטשמע, זאגט דער בעל עגלה, מען דארף געבען די פערד א פּאפּאס. הערשיל האט דערקלערט א פלאן, ווי אזוי מען זאל זיי אנלערנען און זאגט: איהר ווייסט, אז אין דער קרעטשמע טאר איך מיך ניט שטעלען, איך בין דא שולדיג א גמילת חסד און איך האב ניט אפּצוגעבען.

זאגען זיי: ווייסט איהר וואס, געהט אייך דורך אביסעל און מיר וועלען אייך אניאגען.

ער איז אוועקגעגאנגען ווייטער פון זיי מיט עטליכע ווארסט. געוואוסט האט ער, אז דער בעל עגלה בעריל שטעלט זיך תמיד אין דער קרעטשמע אפּ־פּאסען די פערד. ער האט זיך אנגעטאן די שבת'דיגע קאפּאטע און נאך עפּעס און געהט אריין פרעהליך און פרעגט:

— ר' זיידיל איז דא?

זאגט די בעל הבית'טע, ער איז דא.

זאגט הערשיל: איהר זאלט וויסען, אז ר' בער דער בעל עגלה פאהרט מיט זיבען פארשוינען, אלע נגידים, אויף א חתונה, ווילען זיי ביי אייך נעכ־טיגען, נאר בזה האופן האבען זיי מיך געשיקט פאראויס, אז איהר זאלט אנ־גרייטען גוטע פיש מיט גוטע פליישען און געבראטענס מיט א גלעזעל וויין, אז עס זאל זיין אלעס כיד המלך און וועגען געלד וועט מען זיך מיט אייך ניט דינגען, נאר געזאגט און געטאן, ווייל עס איז שוין נאכט און זיי ווילען פארברענגען די גאנצע נאכט פרעהליך, ווייל מיט צוויי טעג פריהער זיינען זיי באפאלען געווארען פון גזלנים און זיי זיינען ניצול געווארען, דארום מאכען זיי א סעודה און זיי ווייסען, אז ביי אייך קריגט מען אלעס.

דער בעל הבית האט זיך געשטעלט קאכען און די בעל הבית'טע מיט הער־שעלען האבען גענומען צוקלייבען איז שטוב, גלייך ווי מחותנים דארפען קו־מען. הערשעלע האט געהייסען אנצינדען אין אלע לייכטער ליכט און געגרייט

צום טיש מיט בולקעס און בראָנפּין און אַליין איז ער אוועק אַנטקעגען די אורחים.

זיי האָבען איהם געפרעגט: נאָך וואָס זייט איהר אונז געגאַנגען אַנטקעגען? דערצעהלט ער זיי אַ גאַנצע מעשה, אַז ר׳ זיידיל מאַכט אַ סעודה, מען הולעט שוין פון דריי טעג און ווער עס פאָהרט דורך לאָזט ער ניט אוועק און מען גיט עסען און טרינקען און ער נעהמט ניט אַ גראָשען. אַז איך בין אָנגעקומען אין קרעטשמע זיינען אוועקגעפאָהרען אַ בויד מיט פאַרשוינען און מען האָט ביי זיי אַ קאָפּיקע ניט גענומען ניט פאַר עסען און ניט פאַר טרינקען. איהר זאָלט זעהן ווי אין שטוב איז צוגעקליבען און דער טיש איז גרייט פאַר יעדען.

דערווייל זיינען זיי צוגעפאָהרען צו דער קרעטשמע און זעהען עס איז אמת, זיינען זיי אַריין און האָבען זיך געזעצט אַלע צום טיש און מען האָט גאָר ניט געמאַכט קיין טענות און מען האָט גענומען קערען די כוסות.

דער בעל הבית האָט געהייסען זיך געהן וואַשען און מען האָט דערלאַנגט צום טיש פון אַלעם בעסטען, עסען און טרינקען, און פרעגט אַלע מאָל די אורחים, אויב זיי זיינען צופרידען פון דעם וויין, ווייל ער האָט אין קעלער נאָך בעסערע.

מען האָט דערלאַנגט גוטען ווישניק און מען איז געוואָרען פרעהליך ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביז דער בעל עגלה איז געקומען און זאָגט: איהר ווייסט עס איז שוין שפּעט און מיר האָבען נאָך אַ סך צו פאָהרען.

ווי הערשעל האָט דערהערט פאָהרען, האָט ער געמאַכט אַ ויברח.

זיי זיצען שוין אַלע אויפ׳ן פוהר, דערלאַנגט זיי דער בעל הבית אַ חשבון, עס קומט פופציג רובעל.

עס איז געוואָרען אַ געשריי: וואו איז הערשיל? שריי היינט שריי מאָרגען הערשיל איז ניטאָ.

זאָגט דער בעל הבית: אַז איהר האָט זיך געוואָלט מאַכען פרעהליך, ווער איז אייך שולדיג?

זאָגען זיי: איהר מאַכט דאָך אַ סעודה, ווייל איהר זייט ניצול געוואָרען פון גזלנים, לסוף ווילט איהר געלד? מיר זאָלען וויסען, וואָלטען מיר זיך גאָר ניט געשטעלט. קוים זיינען זיי געוואָהר געוואָרען, אַז זיי האָבען זיך ביידע גענאַרט און שולדיג איז אין דעם הערשיל, האָבען זיי באַצאָהלט און זיינען אוועקגעפאָהרען און זאָגען אַזוי: ווען מיר קריגען הערשלען וועלען מיר איהם צורייסען אויף שטיקער.

הערשיל איז געקומען אין דער אנדער קרעטשמע ווייטער מיט עטליכע וויארסט און געהט אריין און געהט צו צום אויוועז און וויל זיך לייגען שלאפען. אויף דעם אויוועז האט געשלאפען די שענקערין אז אלטע גויע וואס דער בעל הבית האט איהר געהאלטען צום שענק.

זאגט הערשיל צו איהר: זיי אזוי גוט און לאז מיך אויף דעם אויוועז זיך אנווארימען און דו געה לייג זיך אויף דעם טיש. איך גיב דיר פאר דאס צעהן קאפיקעס און מיין פלאשץ גיב איך דיר אויך צו צודעקען זיך.

די מחותנים זיינען געקומען צו דער קרעטשמע אויף דעם אופן זיי זאלען זעהן פיליכט איז דא הערשיל. גלייך ווי זיי זיינען אריינגעקומען, האבען זיי געגעבען א געשריי: אט ליגט ער אויפ׳ן טיש!

זיי האבען געכאפט איינער פאר די הענד און איינער פאר די פיס און א דריטער האט אויפגעהויבען דעם פלאשץ און אלע האבען זיך גענומען צום שמייסען.

די שענקערין שרייט: שטא ווי מייעטע דא מניע?

זאגט איינער: דו הערסט שמיליק, ער מאכט זיך כלומרשט, אז דאס איז ניט ער און רעדט רוסיש. און דא דערווייל פאטשט מען מיט די פאנטאפעל און מיט די הענד, מיט וואס מען קען.

דער שענקער האט זיך אויפגעכאפט, עס איז געווארען א געשריי און ער האט זיי געגעבען צו פארשטעהן, אז זיי שמייסען איהר אומזיסט.

רופט זיך אפ הערשעלע פון אויוועז: פאר וואס אומזיסט? איך האב איהר פריהער באצאהלט צעהן קאפיקעס. גיט איהר א צוויי שמיץ פון מיינעט־וועגען אויך.

זיי האבען דערהערט הערשיל׳ס קול, האבען זיי אנגעהויבען שרייען: איבער דיר, אלעם איבער דיר, האבען מיר געמוזט באצאהלען פופציג רובעל זיידלען אין יענער קרעטשמע.

זאגט הערשעלע: אז איהר האט מיר געמאכט א ראש חודש, האב איך איך געמאכט א יום טוב.

.56

איין מאל האט ער זיך געלאזט געהן קיין באלטא אויף דעם יריד. געהענדיג מיט׳ן וועג, זאגט ער צו זיך. איך בין דאך שטענדיג א מזל׳דיגער, מיט

א פוהר האב איך קיין מאָל קיין דאגה, ווען איך געה פאַהרט מען מיר אנטקעגען, אפשר וועל איך מיר דעם האַלבען רובעל איינברענגען.

ווי ער איז געקומען אין באַלטאַ, האָט ער אָנגעהויבען צו זוכען דעם האַלבען רובעל אין קעשענע. אַזוי ווי ער געהט, זעהט ער אין גאַס שטעהען אַ סך מענשען און מען רעדט, רופט איהם צו אַ באַקאַנטער און זאָגט אַזוי: איהר קריגט פינף און צוואַנציג רובעל, נאָר אויף דעם אופן איהר זאָלט דאַ מיט איינעם לערנען בלק, נאָר מיט שכל.

די מענשען האָבען געוואוסט, אַז הערשיל קען אַזעלכע זאַכען, האָבען זיי איהם גענומען אַן אַ זייט און האָבען איהם דערצעהלט וואָס דאָ איז פאַר אַ מעשה. עס איז געקומען איינער פון סטאַמביל און האָט מיטגעבראַכט אַ סך סחורה און מאַכט אונז קאַליע דעם יריד מיט זיינע מקחים. עס איז געקומען, אַז מיר מוזען פאַרשליסען אונזערע געוועלבען. איבערהויפט האָט ער פינף מינים צו אַ סך פון אַ מין.

זאָגט הערשיל: עס וועט רעכט זיין, נאָר איהר מוזט מיר געבען הונדערט רובעל אין קעשענע מיט שיינע מלבושים איך זאָל מיך האָבען מיט עפּעס אָנצור־טאָן און די הונדערט רובעל דאַרף איך האָבען אויף האַנד געלד און זיי וועלען ח"ו ניט פאַרפאַלען ווערען.

די אַלע סוחרים זיינען באַשטאַנען אויף דעם. מען האָט איהם אַלעם געגעבען וואָס ער האָט באַדאַרפט. צום ערשטען האָט ער זיך אַרומגעוואַשען און אָנגעטאָן געפּוצטע שטיוועל און מיט אַ שעהנעם זאַנטיק אין איין האַנד און אין דער אַנדער האַנד אַ שעהנעם ליולקע ציבוק מיט גוטען טאַבאַק, אַז ווער עס האָט אויף איהם אַ קוק געטאָן, האָט געמיינט, אַז ער איז דער גרעסטער סוחר.

ער איז אַוועקגעגאַנגען צום סוחר אין געוועלב אַריין. דאָס איז געווען זאַנטאָג דעם פינף און צוואַנציגסטען מאַי, ווען דער יריד הייבט זיך אָן.

געוואוכט האָט ער, אַז דער סוחר רעדט, היקעט ער צו. אַז ער איז אַריינ־געגאַנגען אין געוועלב, איז ער צוגעגאַנגען צו אַ משרת און פרעגט איהם ווע... ווער אי... איז דע... דער בע... בע... בעל הבית, ווייזט איהם דער משרת אויף דעם בעל הבית.

דער בעל הבית גיט איהם שלום און ער פרעגט דעם בעל הבית אי... איהר האָט פון מאַ... מאַ... מיינעטוועגען סחו... סחו... סחורה?

זאָגט דער בעל הבית אי... איך האָב גי... גיבראַכט סחו... סחו... סחורה

א סך, אי—אי—אין קעסקע. איהר קענט קוי—קוי—קויפען נא—נאר ווי—ווי—ווילט.

זאגט הערשעלע: אי—אי—איבערהויפט דא—דא—דארף אי—אי—איך הא—הא—האבען פי—פי—פינעף מי—מי—מינים או—או—און דאס זיי—זיי—זיינען זיי פע—פע—פעפער און ני—ני—ני—נים און רי—רי—רי—רייז, רא—רא—ראזינקעס, פא—פא—פא—פייגין.

ער האט ביי איהם אויסגעדונגען איין מין רייז און האט איהם באצאהלט, ווייל ער האט געזעהן, אז מעהר ווי פאר הונדערט רובעל וועט ער קיין רייז ניט האבען, איבער דעם האט ער דאס ביי איהם אוועקגעהאנדעלט אין גאנצען. גערעכענט האט הערשיל, אז אפילו נאך דעם ירידּ איז דאס אויך א סחורה, האט ער געהייסען מען זאל פארפאקען די סחורה און אפוועגען און האט איהם באצאהלט ווי פיעל עס איז איהם געקומען.

אבער ביז וואנען די צוויי לייט האבען זיך אויסגעדונגען און צורעכענט און צוצאהלט איז אוועק געגאנגען דער גאנצער טאג, אז צוליב הערשלען האט מען שוין ניט אין זינען געהאט קיין שום סוחר און געזעהן האבען אלע משרתים לויט ווי דער סוחר שטעלט זיך קויפען, דארפען זיי ניט האבען קיין אנדער סוחר ווארים ער וויל צונעהמען די אלע מינים צוזאמען. עס איז אפילו נמאס געווארען ווארטענדיג ווי די צוויי סוחריםריידען, ווייל ביז וואנען דער בעל הבית האט עפעס אויסגערעדט און דער סוחר האט עפעס אויסגערעדט איז אוועק געגאנגען א צייט, נאר זיי האבען זיך מיישב געווען, אז פאר דעם בעה״ב איז רעכט איז פאר זיי אויך רעכט, און דער סוחר האט מיט קיינעם ניט געוואלט ריידען נאר מיט דעם בעה״ב אליין.

ביינאכט האבען ביידע סוחרים געגעבען וויין און האבען געטרונקען כיד המלך און די משרתים זיינען אויך געווען און האט צוגעזאגט אז אין דער פריה וועט ער קומען און וועט געבען צו לייזען א סך געלד, עטליכע טויזענד רובעל.

אויף מארגען ווער עס איז גקומען קויפען אביסעל סחורה האט מען קיינעם ניט געענטפערט, זיי האבען זיך גערעכענט: וואס טויג זיי האבען צו טאן מיט א סך קונים.

אויף מארגען איז הערשיל געקומען מיט א גרויסען און א לאנגען גוט מארגען, דער גוט מארגען האט געדויערט א גאנצע שעה, ווייל ער האט זיך אויף דעם אנדערען טאג מעהר פארהיקעט ווי דעם ערשטען טאג און האט זיך געהייסען

ווייזען די אַלע מינים סחורות און האָט זיך ביי יעדען מין גוט געדונגען און האָט געזעהן אַנידערע צו שטעלען אין צעטעל כמעט אין גאַנצע פון דעם מין, ביז וואַנען ער האָט אויסגעדונגען אַלע מינים און איבערגעוואויגען און איבער גערעכענט איז אוועק געגאַנגען דער גאַנצער טאָג.

דער בעל־הבית און די משרתים זיינען געבליבען אָהן כחות מיט איהם רייד־דענדיג, נאָר ביי דעם בעה"ב איז געוועזן אַלעס רעכט, ווייל ער האָט געהאַט אַ סוחר אויף די גאַנצע סחורות און באַטראַפען האָט דאָס שעהנע עטליכע טויזענד רובעל. נאָך אַזאַ געשעפט האָט דער בעל הבית געשיקט און מען האָט געבראַכט אַביסעל משקה מיט פאַרבייסען און קיין זאַך איז ניט געווען צו טייער. ביז עס איז נאַכט געוואָרען.

יעדערער איז זיך געגאַנגען אויף זיין קוואַרטיר שלאָפען, מיט דעם באַדינ־גונג אַז מאָרגען זאָל מען איהם זעהן עקספעדירען, ווייל ער האָט קיין צייט ניט און מען האָט זיך געזאָגט אַ גוטע נאַכט.

דער בעל הבית איז געווען צופרידען, ווייל ער האָט גערעכענט, אַז אויף מאָרגען זעהט ער זיך מיט דער מטבע און וועט זיך זעהן מאַכען פאַרטיג צו פאָהרען אַהיים.

עס איז געקומען אויפ'ן דריטען טאָג זיינען ווייטער געקומען סוחרים און ווילען קויפען פון די מינים און מען ענטפערט זיי גאָר ניט. זיי זאָגען, אַז מיר וועלען אייך צאָהלען טייערער, ווייל מיר ווילען שוין אוועקפאָהרען, זאָגט דער בעל הבית, אַז ער האָט איין מאָל פאַרקויפט די גאַנצע סחורה זיינע. זיינען זיי געגאַנגען צו יענע סוחרים און האָבען געצאָהלט פיעל מען האָט ביי זיי געבעטען.

די סוחרים האָבען געוואוסט, אַז דאָס וואַקסט פון הערשלען און האָבען דערוועיל אַנגעלייזט פאַר זייער סחורה.

צעהן אַזייגער אין דער פריה הערשיל איז שוין דאָ אין געוועלב און הייסט פאַקען. מען האָט אָנגעהויבען צו פאַקען איז דאָס אוועקגעגאַנגען ביז פאַרנאַכט. מען האָט געהייסען שיקען אַ משרת, ער זאָל ברענגען פוהרען און מען זאָל אָפּ־פיהרען די סחורה צום באָהן.

דער בעל הבית האָט געמיינט, אַז אָט נעהמט ער אַרויס געלד און באַצאָהלט. די פוהרען שטעהען און וואַרטען נאָר אַרויפצולייגען אויפ'ן וואָגען די סחורה.

דער בעל הבית האָט זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטען און זאָגט:

ר—ר—רב ק—ק—קרוב, געלד.

זאגט הערשיל דא... דא... דאס וועטגיי... ג... גיין או... או... אויף אנא... אנא... אנאכנאכמע.

זאגט דער בעה״ב צו איהם גי... גי...גיט מי... מיר נא... נאך עפע..עפעב האנ... האנד גע... גע... געלד.

זאגט הערשיל, אז מע.. מע.. מעהרקיי... קי. קיין געלד הא... האב אי... איך ניט, נא... נאר דיא ריי... רייז ווע.. וועטזיין האנ.. האנד גע.. געלד

דער סוחר האט זיך בעטראכט, אזדאס איז א שלעכטער עוסק, ווייל דיא סחורה בעטרעפט ביז דריי טויזענד רובעלאון האבען האט ער אויף דעם הונדערט רובעל אט דיא רייז וואס ער האט גע־קויפט און דא שטעהען דיא בעלי עגלות און שרייען זיי האבען קיין צייט ניט צושטעהען עס איז ביי זיי א יריד.

דער בעל הבית שרייט, ער האטאיהם געשטערט פון יריד.

הערשיל שרייט, וואס האט איהר צומיר? ביז זיי האבען זיך גוט צוקריגט און הערשעלע זאגט צום בעה״ב אי.. אי..איהר זיי.. זיינט א פא.. פא.. פארד, איך וויל איי.. איי.. אייך ניט קע.. קע.. קענעי.מי.. מי.. מיט איי.. איי.. אייער סחו. סחו.. סחורה, ווי.. ווייל ווא.. ווא.. וואכאי.. אי.. איך ריי.. ריי.. רייד קע.. קערוויט אי.. אי.. איהר מי.. מי.. מיר נא.. נאך.

עס איז געווארען א געשריי ביז וואַ־נען א סך מענשען זיינען זיך צונויף גע־לאפען און האבען אויסגעהערט ביידענסטענות

דער בעה״ב שרייט, פאר וואס ער גיטאיהם קיין געלד ניט.

דער קונה שרייט, ער וויל איהם ניטקענען דערפאר, אז וואס ער רעדט קרימט מען איהם נאך.

דיא מענשען האבען זיך גוט אויס־געלאכט און האבען גענעבען איין עצה אז מארגען מוזען זיי געהן צו א דיןתורה.

אויף מארגען זיינען זיי געגאנגען צוא דין תורה און מען איז זיי נאכגעלאפען אויפן וואונדער, ערשטענס, עס איז גע־ווען שעהן צו הערען וויא דיא צוויי האַ־בען זיך געקריגט און צווייטענס איז יע־דען געפעלען דער מסחר, אזא אזא מעשה זאל פארקומען ביי א דין תורה.

דער רב האט געזעהען, אז ער וועטמיט זיי ניט קומען צו א טאלק, האט מען געמאכט פשרה, אז דיא רייז דארף דערבעל הבית אפגעבען און דיא איבריגע סחוריה מעג ער פערקויפען וועמען ערוויל.

אזוי איז געבליעבען. הערשיל האטצוגענומען דיא רייי און איז זיך אוועק

אויף זיין קוואַרטיר, דאָס הייסט צו דעם סוחר וואָס ער האָט איהם געגעבען די הונדערט רובעל.

די סוחרים האָבען אַרויסגענומען פינף און צוואַנציג רובעל און האָבען איהם באַצאָהלט און ער האָט זיי אָפּגעגעבען אַלע זייערע חפצים און האָט זיך אָנגעטאָן צוריק זיינע מלבושים און איז געגאַנגען זעהן ווי זיינע סוחרים האָבען אָפּגעקויפט די אַלע סחורות ביי דעם סטאַמבילער פאַר העלפט געלד, ווייל עס איז שוין געווען נאָכ'ן יריד און ער האָט שוין ניט געהאַט קיין אַנדערע קונים.

.57

איין מאָל געהט הערשיל אַרוים אויף דעם מאַרק טאָג, שטעהט אַ פויער מיט אייער און אַ סך מענשען שטעהען אַרום איהם און דינגען. עס האָט דאָן געהאַלטען דרייסיג קאָפּיקעס אַ שאָק און ער וויל זעכציג קאָפּיקעס אַ שאָק. ער זאָגט אַז זיינע אייער זיינען טייערער ווי אַן אַנדערענס. אַלע האָבען פון איהם גוט געלאַכט. נאָר ווי באַלד זיי האָבען דערזעהן הערשלען האָבען זיי אַ וואונק געטאָן צו איהם, אַז ער זאָל מיט איהם עפּעס מאַכען אַ שפּיעל.

הערשיל האָט זיי צוגעזאָגט נאָר אויף דעם אופן, אַז שפּעטער מיט אַ שעה זאָלען זיי קומען צוגעהן און זאָלען איהם זאָגען אויף רוסיש — הערשיל, די מאַמע דיינע איז געשטאָרבען.

זיי האָבען איהם צוגעזאָגט און זיינען אָוועקגעגאַנגען.

הערשיל האָט זיך אָנגעהויבען צו דינגען מיט דעם פויער, ער גיט איהם דרייסיג קאָפּיקעס ביז פינף און דרייסיג און פערציג און געהט אַוועק. אין אַ האַלבע שעה ער איז דאָ ווייטער און דינגט ווידער און דער פויער וויל ניט אַנדערש נאָר ווי זעכציג קאָפּיקעס. ער גיט איהם פינף און פערציג ביז פופציג קאָפּיקעס און ער וויל ניט. די ווייב פון דעם פויער שרייט גיב איהם אָפּ און ער וויל ניט. ער גיט איהם פינף און פופציג קאָפּיקעס ביז ער האָט איהם געמוזט געבען די זעכציג קאָפּיקעס.

דערווייל האָט ער דערזעהן פון דערווייטענס ווי די מענשען געהען שוין, האָט ער אָנגעשטעלט די פּאַלע און האָט איהם געהייסען צעהלען.

דער פויער האָט איהם אָפּגעצעהלט אין גאַנצען. דערווייל זיינען אָנגעקומען די מענשען און האָבען געגעבען אַלע איין געשריי:

— הערשקאַ, סקאָרעי, טוואָיאַ מאַטערי פּאָמערלאַ! דאָס הייסט, הערשיל,

געשווינד, דיין מוטער איז געשטאָרבען. ווי הערשיל האָט דאָס דערהערט האָט ער אַראָפּגעלאָזען די פּאָלעס, זיינען אַראָפּגעפאַלען די אייער און האָבען זיך צובראָכען. אַליין האָט ער געטאָן אַ פּאַטש מיט די הענט און האָט געגעבען אַ געשריי: גוואַלד, עס איז מיר ניט גוט! און דער פויער האָט גאָרניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. פאַר צרות האָט ער אָנגעהויבען צו וויינען.

הערשיל האָט געכאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס און איז אַנטלאָפען. לויי־פענדיג, שרייט ער, פּלאַטש גוי פּאַ צוזאָי מאַטערי — איך וויין נאָך אַ פרעמ־דער מוטער.

די מענשען וואָס זיינען געשטאַנען לעבען איהם האָבען געטרייסט דעם פויער, ווייל זיי האָבען געזעהן ווי ער שטעהט לעבען די אייער און זאָגט אַלע מאָל, אַ גדיע מאַיאַ פּראַצאַ?

די מענשען האָבען איהם געזאָגט: דאָס האָט דיך גאָט געשטראָפט, ווייל דו האָסט ביי אונז גערואַלט צוויי מאָל אַזוי פיעל ווי פיעל עס איז ווערטה געוועזען.

58.

איין מאָל איז ער געקומען אין קלויז אַריין צו די חסידים און זאָגט, אַז ער דאַרף בענשען גומל. האָבען זיך אַלע אַ כאַפּ געטאָן און זאָגען, אַז דאָ מוז זיין עפּעס אַ נייע זאַך.

זיי האָבען גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָ וועט זיין עפּעס נייעס, ווייל זיי האָבען איהם שוין גוט געקענט מיט זיינע וואונדערליכע שטוקעס. פרעגען זיי איהם, הערשיל, וואָס פאַר אַ געפעהרליכע זאַך האָט זיך דיר געטראָפען?

ענטפערט ער, איך וועל אייך דערצעהלען וואָס פאַר אַ נס עס האָט זיך מיר געטראָפען.

איך בין געגאַנגען איבער אַ בריק פון טייך, האָב איך געהערט שטאַרק קלאַפּען, האָב איך געטאָן אַ קוק אויף דעם וואַסער, האָב איך געזעהן ווי די ווע־שעריין האָט געקלאַפּט מיין העמד. אַז איך וואָלט געוועזען אין העמד וואָלט פון מיר קיין זכר ניט געבליבען.

59.

ווען ער איז נאָך געוועזען ביי דעם רבין אַ שמש, פּלעגט זיין זיין אַרבייט

פרעהליך צו מאַכען דעם רבין. דער רבי פלעגט שטענדיג זאָגען, אז ער איז נאָר באַשאַפען געוואָרען פון זיינעט וועגען. דער רבי פלעגט שטענדיג זיין אין מרה שחורה, איבערהויפּט האָט ער געקלאָגט אויף דעם חורבן בית המקדש.

איינמאָל האָט דער רבי געמאַכט אַ סעודה פאַר אנשים מקובלים, דאָס מיינט מען פאַר די מענשען וואָס לערנען קבלה און הערשיל איז אויך געווען אויף דער סעודה.

דער רבי האָט געזעהן, ווי הערשיל זיצט ביים טיש, אַלע זיינען געזעסען און האָבען געגעסען און ער איז געזעסען און האָט ניט געגעסען, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין לעפעל. האָט דער רבי געזאָגט צו איהם, הערשיל, גיב אַ הוסט, וועט מען דיר דערלאַנגען אַ לעפעל.

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז דער רבי געגאַנגען אויף נקיות און הרשיל איז געשטאַנען אין דרויסען, האָט ער דערהערט ווי דער רבי האָט געגעבען אַ הוסט. זאָגט ער, וואָס הוסט איהר, זאָל איך אייך געבען אַ לעפעל?

דער רבי איז געוואָרען אויף איהם אין גרויס צאָרן און האָט איהם אָפּגעשאַפּט.

.60

איין מאָל איז הערשיל געגאַנגען צו אַ גביר און האָט געזעהן די דירות זיינען זעהר שעהן אויסגעמאָלט. זאָגט ער צום גביר, עס איז טאַקע זעהר שעהן אויסגעמאָלט ביי אייך, נאָר ביי מיר איז שעהנער געמאָלט. דעם גביר האָט דאָס זעהר פאַרדראָסען. ער ווייזט איהם נאָך אַנדערע דירות מיט שעהנערע געמעהלען. זאָגט איהם הערשיל, יאָ עס איז זעהר שעהן געמאָלט, נאָר ביי מיר איז פיעל שעהנער געמאָלט.

פרעגט איהם דער גביר, וואָס איז דאָס ביי אייך אַזוי שעהן געמאָלט?

ענטפערט איהם הערשיל, פאַרשטעהט איהר, ביי מיר איז געמאָלט, אַז איך האָב קיין ברויט ניט אין שטוב.

דער גביר האָט זיך זעהר צולאַכט און האָט איהם געגעבען אַ גאַנץ פיינע נדבה.

.61

איין מאָל געהט הערשיל פרייטאָג אין מרחץ אריין, איז געקומען אַ גרויסער

גביר און האָט געזאָגט, ער וויל אַ שמייסער זאָל איהם אויספּאַרען און אויס־שמייסען, אַזוי ווי דער סדר איז.

הערשיל איז צוגעגאַנגען צו איהם און זאָגט איהם, אַז ער איז אַ גוטער שמייסער, נאָר ער וויל, ער זאָל איהם פריהער באַצאָהלען.

דער מענש האָט איהם ניט געקענט און האָט געמיינט אין אמת, אַז ער איז אַ שמייסער. האָט ער איהם פריהער באַצאָהלט און האָט זיך אויסגעטאָן.

הערשיל האָט איהם אָרומגעוואַשען און אויסגעזייפט און האָט איהם גע־הייסען זיך לייגען אויף דעם אויבערשטען באַנק און האָט איהם געלאָזט ליגען אַן ערך פון אַ האַלבע שעה.

דער גביר זעהט, אַז ער קומט ניט צו געהן צו איהם, איז ער אַראָפּ פון באַנק און זוכט איהם אויף און זאָגט צו איהם: זאָגט מיר, פעטער, איך בעט אייך, פאַר וואָס געהט איהר מיך ניט שמייסען?

ענטפערט איהם הערשיל: פאַרשטעהט איהר, דערפאַר וואָס איהר האָט זיך אַליין געלייגט, האָב איך אייך דאָס ערשטע מאָל געשענקט די שמיץ און איהר זייט שוין פּטור, עס קומט אייך שוין ניט צו שמייסען.

.64

איין מאָל איז הערשיל געגאַנגען אויף דער וועלט, איז ער געקומען אין אַ שטוב וואו עס זיצען אפשר צעהן יונגע לייט מיט אַ נקבה און שפּילען אין קאָרטען. שטעהט ער ביי דער טיר און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און וואונדערט זיך. זאָגען זיי צו איהם, וואָס וואונדערט איהר זיך אַזוי? זיי האָבען אין איהם דערקענט, אַז דאָס דאַרף זיין הערשיל.

דערנאָך זאָגען זיי צו איהם, וועט איהר עפּעס זאָגען אַ גלייכע זאַך, וועלען מיר אייך געבען אַ שעהנע נדבה און אַז ניט...

זאָגט הערשיל, איך וועל אייך זאָגען די וואָהרהייט, אַז היינט איז אַ וועלט זעהר אַן עהרליכע און שווערע צייטען. אַמאָל מיט פיעל יאָהר צוריק איז געווען בעסערע צייטען ווי היינט, אַ איד האָט געהאַט צעהן ווייבער, היינט נעבעך, זעה איך, צעהן יונגע לייט באַגעהען זיך מיט איינע...

זיי איז די זאַך שטאַרק געפעלען געוואָרען און האָבען איהם געגעבען אַ שעהנע נדבה.

.65

איין מאָל געהט הערשיל לעבען אַ גרויסע קלייט וואָס איז געווען פול מיט טייערע סחורות, געהט ער אריין אין קלייט און טוט אַ קוק און געהט אַוועק. אַזוי האָט ער געטאָן אפשר צעהן מאָל. ביי יעדער מאָל האָט ער געגעבען אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ און איז אַוועקגעגאַנגען.

דער בעל הבית מיט זיינע משרתים האָבען פון אָנפאַנג געמיינט, אַז דאָס איז אַ משוגענער. האָבען זיי זיך מיישב געווען, זיי וועלען איהם פרעגען וואָס ער וויל. רופען זיי איהם אריין און זאָגען איהם, ר' קרוב אפשר ווילט איהר עפּעס קויפען וועלען מיר ביי אייך לייזען גאָר וואָלוויל.

זאָגט הערשיל, קויפען דאַרף איך גאָר ניט, נאָר איך וואונדער מיך אויף אַזאַ גרויסע קלייט מיט אַזוי פיעל סחורה אָהן עין הרע.

זאָגען זיי צו איהם, איהר מוזט זיין פון אַ קליין שטעדטעל איז ביי אייך דאָ קליינע קלייטלעך. אין אַ גרעסערע שטאָדט איז דאָ נאָך גרעסערע קלייטען ווי אונזערע.

זאָגט הערשיל, דאָס האָט איהר געטראָפען — איך בין טאַקע פון אַ קליין שטעדטעל און האָב אַ קליין קלייטעלע אפשר פון פופציג רובעל און שולדיג בין איך אויף איהר אפשר הונדערט רובעל, הייגט וויפיעל קענט איהר זיין שולדיג אויף אַזאַ גרויסע קלייט.

.66

הערשיל איז אמאָל געשטאַנען פאַרטראַכט, איז צו איהם צוגעגאַנגען דעם רבינ'ס גבאי און האָט איהם אָנגעהויבען צו דערקוטשען ער זאָל איהם עפּעס דערצעהלען. האָט דאָס הערשלען זעהר פאַרדראָסען אויף דעם גבאי.

זאָגט הערשיל צו איהם, איך וועל אייך עפּעס דערצעהלען. איהר זאָלט וויסען, אַז אַ קאַטשקע איז ביי איהר דער בויך פעט און דער רוקען איז מאָגער, ווייל פון אונטען, אַז זי שווימט אויפ'ן טייך האָט זי קיין מורא ניט, נאָר פון אויבען האָט זי מורא פיליכט שיסט מען איהר, איבער דעם איז זי אונטען פעט און אויבען איז זי מאָגער. דער אָדלער איז אונטען מאָגער און אויבען פעט, ווייל פון אונטען האָט ער מורא טאָמער וועט מען איהם שיסען, אָבער העכער פון איהם איז דאָך קיין מענש ניטאָ ער זאָל איהם שיסען. דארום לאָמיר זעהן, דער

אַדלער האָט מורא פאַר דעם אונטערשטען און די קאַטשקע האָט מורא פאַר דעם אויבערשטען און איהר אפנים האָט קיין מורא ניט פאַר דעם אונטערשטען און ניט פאַר דעם אויבערשטען, איבער דעם זייט איהר גראָב און פעט פוןביידע זייטען ווי א דבר אחר (דאָס רוב גבאים האָבען גרויסע בייכער מיט גראָבע קאַרגען).

.67

איין מאָל האָט זיך איינער געקלאָגט פאַר איהם, אז ביי איהם אין דער דירה איז דאָ פיעל עכברים.

זאָגט הערשיל צו איהם, איהר זאָלט אַנידערלייגען צו שטיקלעך אפיקומן ביי יעדער נאָרע, ווייל נאָך דעם אפיקומן טאָר מען שוין ניט עסען, דארום אז זיי וועלען אויפעסען די שטיקלעך אפיקומן וועלען זיי שוין מעהר ניט עסען.

פרעגט איהם יענער, סטייטש, ר׳ הערש, פון וואַנען ווייסען די עכברים, אז נאָך דעם אפיקומן טאָר מען שוין ניט עסען?

ענטפערט איהם הערשיל, זיי האָבען ביי מיר אַליין אויפגעגעסען א שולחן ערוך האָבען זיי דאָך שוין געזעהן דעם דין, אז נאָך דעם אפיקומן טאָר מען ניט עסען.

.68

הערשיל האָט אמאָל גענומען א שטיקעל ברויט און האָט זיך צוגעבונדען צו דער קאַפּאָטע און איז אַזוי אומגעגאַנגען אין גאַס.

פרעגט איהם איינער, וואָס מאַכט איהר ר׳ הערשיל, ווי געהט דאָס אייך אין דער פרנסה?

ענטפערט איהם הערשיל: אָה, זעהט א דאַנק גאָט, דאָס שטיקעל ברויט שלעפּט זיך.

.69

איין מאָל איז געווען א גרויסער פייער אין מעזביז, דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט געברענט און הערשילס דירה אויך. דאָס גאַנצע שטעדטעל איז נעבעך אומגעגאַנגען מיט גרויס צרות און הערשיל איז געשטאַנען און האָט געלאַכט און איז געווען ביי זיך פרעהליך.

פרעגט איהם איינער: ר׳ הערשיל, וואָס זייט איהר איצט אַזוי פרעהליך, אייער דירה ברענט דאָך?

ענטפערט הערשיל, עס טהוט מיר הנאה וואס זיא ברענט, איך האב א נקמה אויף דיא וואנצען, זיי וועלען איצט פערברענט ווערן אין גאנצען

70

איין מאל איז הערשלען זעהר שלעכט געווארען דיא צייט. ער האט ניט געהאט קיין סעודה אחת, איז הערשיל געגאנגען צו א מענשען, וועלכער האט געהאלטען א בראנפען געשעפט און האט איהם דערצעהלט, אז עס איז איהם שלעכט, ער איז א מחוסר פרנסה, בכן בעט ער איהם אז ער זאל איהם געבען א פעסיל בראנ־פען און ער וועט דאס פערקויפען ביס־לעכוויין, וועט איהם השי"ת העלפען ער וועט זיך דערפון פערדיענען זיין ברויט

דער מאן האט איהם צוליעב געטאן און האט געגעבען איין ערך פון דריי עמער בראנפען און האט איהם אנגע־זאגט, זעהט ר' הערשיל, אז איהר וועט פערקויפען דיא בראנפען זאלט איהר מיר אפגעבען דיא געלד, וועל איך אייך נאך אמאהל געבען בראנפען.

הערשיל האט ביי איהם גענומען דאס פעסיל מיט דיא בראנפען און איז געגאנ־גען גלייך אהיים.

הערשיל איז געקומען צו זיין ווייב זעהר פרעהליך, נא דיר מיין ווייב דיא פעסיל מיט דיא בראנפען זאלסט פער־קויפען און למע"ה ניט געבען קיינעם אהן געלד. ער אליין איז אוועק געגאנגען איז שוהל דאווענען.

ווען ער איז געקומען פון דאווענען, זאגט ער צו דיא ווייב נא דיר א דרייער און גיב מיר א טרונק בראנפען, זיא האט ביי איהם גענומען דעם דרייער און האט איהם געגעבען א טרונק בראנפען. זיא אליין אבער האט אויך געוואלט נעהמען אביסעל בראנפען, זאגט זיא צו איהם נא דיר הערשיל א דרייער און גיב מיר א טרונק בראנפען, אזוי האבען זיי זיך געצאהלט כסדר, ווען ער האט געוואלט אביסעל בראנפען האט ער איהר געגע־בען דעם דרייער און ווען זיא האט גע־וואלט אביסעל בראנפען האט זיא איהם בעצאהלט דעם דרייער, ביז גאט האט גע־האלפען זיי האבען אויסגעליידיגט דיא פעסיל.

הערשיל נעהמט דעם דרייער מיט די פעסיל און געהט גלייך אוועק צום בעל הבית פון דעם בראנפען געשעפט און גיט איהם דעם דרייער מיט דיא ליידיגע פע־סיל ער זאל איהם געבען אנדערע בראנ־פען.

זאגט דער בעל הבית, שטייטש פארא גאנץ פעסיל בראנפען גיט איהר מיר א דרייער און קוקט איהם אן.

זאָגט הערשיל צו איהם, איך שוועד אייך בנאמנות, אז איך האָב ניט גע־נומען איין ביסעל בראנפען ביז איך האָב ניט באַצאָהלט מיין ווייב א דרייער און מיין ווייב אויך דאָס גלייכען, ווען זי האָט גענומען א ביסעל בראנפען האָט זי מיר באַצאָהלט א דרייער.

דער בעל הבית האָט גוט געלאַכט און האָט איהם געגעבען אַן אנדער פעסעל בראנפען.

.71

איין מאָל האָט זיך הערשיל אָנגע׳שכור׳ט און איז געלעגען אין דרויסען און שילט אין טאַטען און אין טאַטענס טאַטען.

די חסידים געהען אַרוים און פרעגען איהם, הערשיל, וועמען שילט איהר?

ענטפערט הערשיל, איך שילט דעם בעל הבית פון דער דירה, נאָך וואָס האָט ער געמאַכט די פריזבע אין דרויסען, אַז איך ליג שכור זאָל יעדער זעהן. ער האָט געדאַרפט מאַכען די פריזבע אינעווייניג אין שטוב. איך זאָל זיך אנידער־לייגען שכור, וואָלט דאָך מיט קיינער ניט געזעהן שכור.

.72

איין מאָל איז הערשיל אָנגעקומען אין א קרעטשמע אויף נאַכט־לעגער און האָט דאָרטען קיין אורח ניט געטראָפען און דער בעל הבית איז אויך ניט געוועזן. עס איז דאָרט מעהר ניט געוועזן נאָר די קרעטשמערקע מיט די קינדערלעך. הערשיל בעט די קרעטשמערקע זי זאָל איהם געבען עפּעס עסען.

די קרעטשמערקע גיט איהם ניט קיין עסען און ענטפערט: איך האָב אייך ניט וואָס צו געבען, אַזוי ווי דער סדר איז פון די וואָס ווילען ניט געבען קיין נדבה אַן אָרימאַן אָדער אַמאָל געבען יענעם עפּעס עסען.

הערשיל האָט אָבער מיט איהר קיין טענה ניט געמאַכט און ענטפערט איהר כהאי לישנא: נישט קשה, איהר ווילט מיר קיין עסען ניט געבען, אָבער איך וועל מוזען טאָהן אַזוי ווי מיין טאַטע האָט געטאָהן, און געהט אום איבער דער שטוב און רעדט צו זיך אַליין: יאָ, איך זעה שוין איך וועל מוזען טאָן ווי מיין טאַטע האָט געטאָן, נישט קשה עס וועט שוין גאָר ניט העלפען, איך האָב קיין אנדער ברירה ניט.

ווי די קרעטשמערקע האָט דערהערט, אַז ער רעדט צו זיך אַליין און זאָגט

אליץ, אז ער מוז טאָן ווי זיין טאַטע האָט געטאָן, האָט זי זיך זעהר דערשראָקען און זאָגט, זייט מוחל זאָגט מיר וואָס האָט אייער טאַטע געטאָן?

הערשיל שווייגט און ענטפערט גאָר ניט — איך וויס שוין אליין, וואָס דאַרף איך אייך דערצעהלען.

הקיצור, זי האָט זיך זעהר דערשראָקען, זי האָט איהם באַלד געגרייט צום טיש און האָט איהם שוין געבעטען ער זאָל געהן עסען. זי האָט איהם געגעבען א גוט ביסעל שנאַפּס מיט א גוטע וועטשערע.

נאָך דעם עסען פרעגט זי איהם, זאָגט מיר איך בעט אייך, וואָס האָט איהר געמיינט איהר וועט טאָן ווי אייער טאַטע האָט געטאָן?

ענטפערט איהר הערשיל, פאַרשטעהט איהר, מיין טאַטע, אז ער האָט ניט געהאַט קיין וועטשערע צו עסען, האָט ער זיך געלייגט הונגעריג שלאָפען.

.73

איין מאָל איז ער געקומען צו א רענדאַר אין א קרעטשמע, דער רענדאַר פלעגט פאַהרען קיין מעזביז צום רבין אמאָל וועגען אן עצה, אמאָל וועגען קינדער ערציהען, נאָר לערנען האָט ער גאָר ניט געקענט.

ווי הערשיל איז נאָר אריין אין טיהר, האָט איהם דער רענדאַר באַלד דערקענט און האָט איהם געגעבען שלום, ווייל ווען ער פלעגט קומען קיין מעזביז פלעגט ער איהם זעהן ביים רבי'ן. דערווייל געהט אריין זיין בן יחיד פון פופ־צעהן יאָהר און ברענגט אָפּ א שטיק ברויט און געהט איבער'ן שטוב און עסט. הערשלען האָט דאָס זעהר פאַרדראָסען פאַר וואָס ער האָט זיך ניט געוואַשען צום עסען און ניט געמאַכט קיין המוציא. רופט ער איהם צו און גיט איהם א גלעט איבער'ן מוח און זאָגט: יאָ, ער וואַקסט, ער וועט זיין. אזוי האָט ער עטליכע מאָל איבערגערעדט.

די עלטערען האָבען זיך דערמאָנט, אז דער רבי האָט איהם פיעל מאָל געבענשט קליינערהייד, אז ער וועט זיין א רב. האָבען זיי אָנגעהויבען ווייטער צו האָפען, ווייל זיי הערען אלעס ווי ער רעדט, ער וועט זיין, ער וואַקסט. האָבען זיי איהם אָנגעהויבען צו בעטען, האָט רחמנות אויף אונז, מיר זיינען אויף אונזער קינד קיין מבינים ניט. זאָגט אונז וואָס וועט ער זיין און וואָס וואַקסט ער, אפשר ווייסט איהר?

זאָגט הערשיל. אז איהר וועט מיר געבען א שעהנע נדבה, וועל איך אייך

זאָגען נאָר בזה האופן, אַז איהר זאָלט קיין פּאַראיבעל ניט האָבען. זיי האָבען איהם געגעבען צו עסען און צו טרינקען און אַ שעהנע נדבה און ער זאָגט אַלע מאָל, ער וואַקסט, ער וועט זיין.

ווען ער איז געשטאַנען לעבען טיהר, זאָגט ער צו זיי, איהר זאָלט וויסען, ער וואַקסט אַ גרויסער שגץ, ער וועט זיין אַ כפּרה פאַר אייך און פאַר מיר און פאַר כל ישראל און ער איז גלייך אַנטלאָפען.

.74

איין מאָל איז ער געקומען אין וויניצאַ, אויף שבת האָט איהם גענומען אַ גרויסער גביר פאַר אַן אורח, נאָר דער גביר איז געווען אַ גרויסער קמצן.

צום טיש האָט מען דערלאַנגט אַ גרויסען טעלער מיט פיש. זעהט ער ווי ביי זיין זייט טעלער ליגען קליינע פישלעך, לעבען בעל הבית זייט ליגען גרויסע. זיצט ער אָנגעשפּאַרט און טראַכט.

פרעגט איהם דער בעל הבית, וואָס עסט איהר ניט, וואָס טראַכט איהר?

זאָגט הערשיל, איך טראַכט נוי די וועלט איז קיילעכדיג ווי דער טעלער און טוט אַ דריי מיט דעם טעלער, איז אויסגעקומען די גרויסע פיש לעבען איהם און די קליינע פיש לעבען דעם בעל הבית, און זאָגט אַזוי מיט אַ שמייכעל: אָט אַזוי דרעהט זיך די וועלט. און האָט אַזוי פּאַוואָליע אויפגעגעסען וואָס עס איז געווען. דערנאָך האָט מען דערלאַנגט די יויך, זעהט ער ווי ביי דעם בעל הבית איז פעטע יויך און זיינע איז געלע וואַסער. הערשיל האָט דאָ געגעבען אַ קלעהר ער זאָל איהם ווייזען אַ קונץ, ער זאָל איהם האָבען צו געדענקען, אַז אַמאָל האָט ביי איהם געגעסען הערשיל אָסטראָפּאָלער שבת.

זאָגט הערשיל צום בעל הבית, פיליינט ווילט איהר הערען אַביסעל תורה, וועל איך אייך געבען צו פאַרשטעהן ווי אַזוי די אידען זיינען געגאַנגען איבער דעם ים, ווייל עס איז געווען שבת שירה.

זאָגען אַלע: זאָגט עפּעס, אַז איהר קענט.

הערשיל נעהמט אַראָפּ זיין יאַרמעלקע פון קאָפּ און גיט אַ זעץ איבער'ן שיסעל. זעהט איהר, אַזוי האָט משה געגעבען אַ זעץ מיט דעם שטעקען.

דער בעל הבית האָט די יויך שוין ניט געוואָלט עסען, ער האָט איהם שוין ניט געוואָלט קענען מיט זיין תורה. ער האָט איהם געהאַלטען פאַר אַ משוגענעם. ער האָט הערשלען אָפּגעגעבען די יויך און הערשיל האָט זי געמוזט אויפעסען.

איין מאָל איז הערשיל געקומען אין א קרעטשמע. די קרעטשמע האָט געהאַט א שם, אז מען גיט ניט אַאידען אפילו א לעפעל קאַלטע וואַסער. נאָר הערשיל האָט שטענדיג ליעב געהאַט צו זוכען אַזעלכע קרעטשמעס מיט אַזעלכע רענדאַרען און האָט זיך באַריהמט פאַר אַלעמען, אַז אין דער קרעטשמע וועט ער האָבען אַלעס, אפילו א מלבוש אויך.

ווי הערשיל איז אַריין צום בעה"ב, זאָגט ער, א גוט־נאַוועגד אייך!

פרעגט איהם דער רענדאַר, וואָס דאַרפט איהר, ר' קרוב, אודאי א נדבה. דאָ קומען בייטאָג אויך גענוג אָרימע לייט און איהר געהט נאָך אום ביינאַכט.

זאָגט הערשיל, מיט א רחמנות פּענימל, איך פאַרלאַנג פון אייך ניט קיין נדבה און ניט קיין עסען, נאָר איין זאַך בעט איך פון אייך — איך בין זעהר מיד און שלעפעריג און פאַרפראָרען, בעט איך אייך לאָזט מיך איך זאָל מיך לייגען אָט דאָ צווישען אויוועו שלאָפען. איך זאָג אייך, איהר וועט פשוט פאַרדינען עולם הבא.

דער בעל הבית האָט געזעהן, אַז ער וועט זיך פון איהם אַזוי גיך ניט אָפּ־טשעפּען, האָט ער איהם ערלויבט.

אַזוי ווי ער ליגט, זעהט ער פון דער ווייטענס ווי די בעל הבית'טע זיצט ביי דעם טיש און שניידט די נעגעל און האָט צוזאַמענגענומען אין א פּאַפּירעל און האָט דאָס אַריינגעוואָרפען אין אויווען. באַלד איז געקומען א שליטעל און זי איז אַוועקגעפאָהרען און מיט א שעה שפּעטער איז זי געקומען צוריק.

אין דער צייט וואָס זי, איז אַוועקגעפאָהען האָט הערשיל געפונען א פּען מיט א מעסערעל און האָט געמאַכט גלייך ווי נעגעל און האָט עס אַריינגעוואָרפען מיט א פּאַפּירעל גלייך אין דער וועטשערע וואָס האָט זיך געקאָכט אין אויווען און האָט זיך גלייך געלייגט שלאָפען אַזוי ווי עס איז גאָר ניט געוועזן.

די בעל הבית'טע האָט געגרייט צום טיש, דערנאָך האָט זי דערלאַנגט די יויך. זעהט דער בעל הבית ווי עס שווימט עפּעס אין א פּאַפּירעל. ער נעהמט אַרויס דאָס פּאַפּירעל זעהט ער ווי אינעוויינינג ליגען עפּעס נעגעל.

די בעל הבית'טע האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט זיך אָפּגעשניטען די נעגעל און האָט אַריינגעוואָרפען אין אויווען, קען זיין, אַז זי האָט דאָס אַריינ־געוואָרפען אין די יויך.

וואס טוט מען? דער בעל הבית זאגט, איך וויל דאס ניט עסען.

איז גיבליבען מען זאל אויפוועקען דעם אידען ער זאל דאס אויפעסען. אזוי איז געווען. ער האט אויפגעגעסען און זיי האבען געמוזט עפעס אנדערש עסען און מען האט פארלאשען די ליכט און האבען זיך געלייגט שלאפען.

מיט א האלבער שעה שפעטער טוט הערשיל א געשריי, רוק דיך ארויף! יער בעל הבית מיט דער בעל־הבית'טע האבען זיךביידע דערשראקען. וואס קען ראס זיין? ער שטעהט אויף און צינדט אן א ליכט, ער געהט ארום די גאנצע שטוב ער זעהט קיינעם ניט און הערט קיינעם ניט, נאר דער איד ליגט צווישען דעם אויווען און שלאפט געשמאק. ער האט פארלאשען די ליכט און זיי האבען זיך געלייגט ווייטער שלאפען. מיט א האלבע שעה שפעטער טוט ער ווייטער א געשריי, נו, רוק דיך אהער! די בני בית האבען זיך אלע איבערגעשראקען. מען צינדט אן א ליכט, מע זוכט ווייטער, ווייטער דאס אייגענע, דער איד שלאפט געשמאק. אלע חידוש'ן זיך וואס קען עס זיין און קיינער ווייס ניט. מען האט פערלאשען די ליכט, מען לייגט זיך ווייטער שלאפען. טוט ער ווייטער א געשריי, רוק דיך אראפ! אזוי האט ער געשריען א גאנצע נאכט.

אויף מארגען פרעגט איהם דער בעל הבית, וואס איז דאס געווען מיט אייך ביינאכט, עפעס האט איהר געשריען פון שלאף.

זאגט הערשיל, אז איהר וועט מיר שענקען עפעס א מלבוש, וועל איך אייך דערצעהלען, וועט איהר אליין פארשטעהן די זאך.

דער בעל הבית איז געווען גערען צו הערען וואס דאס איז, האט ער איהם געשענקט אן אלטען כאלאט.

הערשיל האט גענומען דעם כאלאט און האט איהם אנגעטאן און זאגט, זעהט איהר בעל הבית, איך געה אין א צוריסענעם פעלצעל און דער פעלצעל איז קורץ, אז איך דעק מיר צו די פיס און ווער אנטשלאפען, ווערט מיר קאלט אין די פלייצעס, שריי איך צו איהם פון שלאף רוק דיך ארויף. שפעטער ווערט מיר קאלט אין א זייט, שריי איך צו איהם רוק זיך אהער. דערנאך ווערט מיר קאלט אין די פיס, שריי איך צו איהם רוק זיך אראפ. היינט אז איך האב שוין א כאלאט א לאנגען, א ברייטען, וועל איך פארשפארען צו שרייען ביינאכט און ער האט זיך מיט איהם גזעגענט.

.76

איין מאָל איז הערשעל געגאַנגען אין גאַס, זעהט ער איינער שטעהט מיט א פוהר פּאָלאָווינעס, אפשר מיט צוואַנציג זעק. אַרום איהם שטעהט א רעדעל מען דינגט ביי איהם די פּאָלאָווינעס און ער וויל זעהר טייער, ער וויל פאַר א זאַק פּאָלאָווינעס וואָס איז ווערטה א גילדען וויל ער ניט וויניגער ווי צוויי גילדען.

די מענשען האָבען דערזעהן הערשלען האָבען זיי זיך גאָר מחיה געווען און זאָגען אַזוי, ר׳ הערש, איהר זייט דאָך א בריה צו אַזעלכע סוחרים פון לאַנג אָן, פיליייכט קענט איהר דאָ עפּעס מאַכען מיט דעם סוחר?

זאָגט הערשיל, געהט איהר נאָר אַהיים, איך וועל איהם שוין ווייזען ווער עלטער איז. ער געהט צו צו דעם סוחר און פרעגט איהם, ווי טייער ווילסטו א זאַק? ער האָט זיך מיט איהם געדונגען אַזוי לאַנג ביז זיי זיינען צורעכט געקומען און ער האָט איהם געהייסען פאָהרען.

ער האָט איהם צוגעפיהרט צו דער באָד און האָט איהם אָנגעצייגט צו דער זייט וואו די מקוה איז און האָט אויפגעעפענט א פענסטער און האָט איהם גע־הייסען שיטען.

ער האָט אַריינגעשאָטען אין מקוה אפשר ביז פופצעהן זעק פּאָלאָווינעס.

הערשיל האָט א קוק געטאָן דורך דעם פענסטער, זאָגט ער, זעהסטו עס קען שוין מעהר ניט אַריין, עס איז שוין פול, געה נאָר אַריין אינעווייניג און טרעט איין מיט די פיס.

דער מוכר איז אַריין אין באָד און האָט אָנגעהויבען טרעטען מיט די פיס, איז ער שיעור דערטרונקען געוואָרען. האָט ער געמאַכט א גרויסען געוואַלד, זיינען זיך אָנגעלאָפען זעהר פיעל מענשען און דער בעדער איז אויך געקומען און האָבען אָנגעהויבען זעהר שטאַרק צו לאַכען, ווייל עס איז געווען א וואונ־דער ווי קומט ער אַהער און עס איז עפּעס אנגעשאָטען א פולע מקוה מיט פּאָלאָווינעס. הכלל, זיי האָבען אַרויסגעשלעפּט דעם מוכר פון דער מקוה און ער איז געווען נאַס ווי א האָן.

ווען זיי האָבען אָנגעפאַנגען מיט איהם צו ריידען און אויסצופרעגען, האָט ער זיי דערצעהלט פון אָנפאַנג ביז׳ן סוף, האָבען זיי פאַרשטאַנען, אז דאָס וואַקסט פון הערשלען.

דער מוכר האָט אָנגעהויבען צו בעטען געלד, האָט איהם דער בעדער

.77

אפגעשיקט צו דעם וואס ער האט מיט איהם באדונגען. דער מוכר האט אנגע־הויבען שרייען, וואו איז מיין געלד? דער בעדער שרייט ער זאל איהם אויס־רייניגען די מקוה. הערשיל האט זיך ערגעץ באהאלטען הינטער אן אויוועז גלייך ווי ניט איהם מיינט מען דאס.

איהר קענט זיך פארשטעלען מיט וואס עס האט זיך געענדיגט.

הערשיל איז דעם זעלבען פרייטאג געשטראפט געווארען מדה כנגד מדה. ער איז געגאנגען אין באד אריין און מען האט ביי איהם אוועקגע'גנב'עט א העמד. אז ער איז געקומען אהיים האט ער געבעטען זיין ווייב זי זאל איהם געבען א ווייסע העמד, זאגט זי צו איהם, וואו איז דאס העמד וואס איך האב דיר מיטגעגעבען? זאגט ער, עס האט מיר איינער פארביטען. פרעגט זי איהם, וואו איז דאס פארביטענע? זאגט ער, יענער האט פארגעסען אנידערצולייגען, האט ער מיטגענומען זיינע מיט מיינע.

.78

איין מאל איז ער געקומען אין בארדיטשעוו, דאמאלס איז געווען א יאריד. ער איז אביסעל געגאנגען טאמער וועט ער זעהן עפעס א באקאנטען, ווארים ביי א באקאנטען וועט ער קריגען א שעהנע נדבה. דערזעהט ער אויף דעם מארק שטעהן א סך באקאנטע און מען רעדט וועגען געשעפט זאכן.

אין מיטען איז געשטאנען א גביר אן ארענדאר. אלע גיבען איהם נדבות, נאר דער ארענדאר האט איהם געגעבען א קליינע נדבה, אז איהר וועט עפעס זאגען, וועל איך אייך געבען א גרעסערע נדבה.

יא, זאגט הערשיל, נאר איהר זאלט קיין פאראיבעל ניט האבען, ווארים דאס רוב מענשען, אז מען זאגט זיי דעם אמת האבען זיי פאראיבעל.

זאגט דער ארענדאר, אז ער וועט אויף איהם קיין פאראיבעל ניט האבען.

אלע זיינען געוועזן צופרידען און האבען אויסגעשטעלט די אויערען צו הערען, וואס הערשיל וועט דא עפעס זאגען נייעס.

זאגט הערשיל, מען רעדט פון אייך דריי זאכען, ערשטענס, אין גאט גלויבט איהר ניט, צווייטענס, אין שוהל געהט איהר ניט און דריטענס פון א רבי'ן האלט איהר ניט.

דער ארענדאר איז געווארען אביסעל פארשעמט, ווייל ער האט אביסעל געטראפען.

נאך זעהר ארטיג (בעל דרך־ארץ), דען ער האט זיך צו אלעמען געגייגט. נאר אויגען האט ער מעהר ניט געהאט וויא צווייא, וויא אלע פערד.

— אָ, דוא בעטרינגער! האט זיך צו איהם אפגערופען דער פּאָליציייא־מייסטער, דוא ווילסט מיט איינעם ליגען נאר דאס געלד ארויס בעקומען.

— פערצייהען זייא, מיין העררע, האט איהם דער מאן געענטפערט, איך האב זיין ליגען געזאגט, איך האב דאך אנגעמעלדעט, דאס מיין פערד האט אין קאפּ אזוי פיעל אויגען וויפיעל טעג עס איז אין יאהר, און היינט האבען מיר נאר דעם צווייטען יאנואר, איז דאך נאך נייא־יאהר צווייא טעג ערשט, האבען מיר דאך נאר צווייא טעג אין יאהר.

עס איז געוואָרען א גרויס געלעכטער, און מען איז אוועק אהיים וויא דיא נארען.

## 160) ווארום וואקסט בייא פרויען קיין באָרד?

האט מען אמאל געפרעגט בייא איין גרויסען פילאָזאָף.

— ווייל זייא וועלען זיך ניט קענען ראזירען, האט ער געענטפערט, ווייל ווען מען ראזירט זיך, מוז מען שווייגען און ניט א וואָרט רעדען.

האט מען איהם ווידער געפּרעגט:

ווען עס טרעפט זיך דאך אמאל, דאס עס וואקסט אויס בייא א פרוי א באָרד, ווען זאָל זיא זיך ראזירען?

— אין פעברואר, האט דער פילאָזאָף געענטפערט, ווייל דאן ריידען זייא אם וועניגסטען, און דאס איז דערפאר, ווייל דער מאָנאט האט אין זיך נאר אכט און צוואנציג טעג.

## 161) וואס זאגען ווייבער ניט אויס.

דיא פרויען פּלוידערן אלץ אויס, נאר דאס האלטען זייא אימער בסוד, דעם צאָהל פון זייערע יאָהרען, זייא זאגען קיינמאל ניט וויא אלט זייא זייגען.

ע נ ד ע



# הַסִּדּוּר הַשָּׁלֵם

אין אַ פּראַקטפּולער, וויסענשאַפטליכער אויסגאַבע מיט אַ נייער איבערזעצונג אין אַ קלאָרען, מאָדערנעם ענגליש ווי אויך מיט קורצע ערקלערונגען, מראי מקומות, און אַן איינלייטונג פון

## דר. פלטיאל בירנבוים

דער העברעאישער טעקסט איז מאיר עינים — אַ נחת צום לייענען. יעדע תפילה איז גענוי פּונקטירט, כדי וואָס קלאָרער צו מאַכען דעם אינהאַלט, און געפינט זיך באַלד אויפ'ן אָרט. אין סידור השלם וועט קיינער ניט דאַרפען זוכען און מישען אַהין און אַהער: אַלעס איז באַלד אויפ'ן ריכטיגען אָרט.

די ענגלישע איבערזעצונג איז ניי און פריש אין יעדער הינ־זיכט. איהר וועט דאָ ניט געפינען אָט יענע אַלטע אויסדרוקען וועלכע קלינגען יעצט אונבאַקאַנט און מאַכען דעם איינדרוק פון „עץ קוצץ". אין אַ פליסיגען, מאָדערנעם ענגליש ווערט דאָ יעדע תפילה געמאַכט פאַרשטענדליך צו יעדען איינעם — אָהן קיינער אונקלאָרקייט. מבינים, וועלכע האָבען דורכגעלייענט עטליכע הונדערט זייטען פון אונזער נייער אויסגאַבע, האָבען באַגייסטערט געזאָגט אַז דאָס איז איינע פון די בעסטע לייס־טונגען פאַר אונזער דור.

אין קורץ־געפאַסטע באַמערקונגען אויף יעדער זייט פון אונ־זער אויסגאַבע, ערקלערט דר. בירנבוים די אַלגעמיינע באַדיי־טונג און מקור פון יעדער תפילה אינ'ם טראַדיציאָנעלען סידור, וועלכער שטעלט מיט זיך פאַר אַ לאַנגע ליטעראַרישע ענטוויק־לונג פון אַ משך פון צוויי טויזענט יאָהר.

אונזער ציעל איז אַרויסצוגעבען אַ סידור וואָס זאָל זיין העכסט פּאָפּולער, באַלעהרענד, און אַ כבוד פאַר'ן אַמעריקאַנער אידענטום.

**היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני**